# די שטימע פון בלוט

(The Call of the Wild)

## פון דזשעק לאָנדאָן

איבערזעצט פון מ. אָלגין

איינלייטונג פון

מ. אָלגין

און

הלל ראָגאָוו



פארלאג „ניי-צייט“, ניו יארק

1919

# אינהאַלטס-פערצייכניס.

# אילוסטראציעס.

---

# דזשעק לאָנדאָן — זיין לעבען און שאַפען

## פון הלל ראָגאָף.

אויף דעם שטיינערנעם פעלד פון דער אמעריקאנער ליטע־ראטור, צווישען די דערנער און די טויטע גראָזען, האָט זיך אין אָנפאנג פון דיזען יאָהרהונדערט פּלוצלונג א מעכטיגער בוים בעוויזען. אזוי ווי מיט אמאָל איז ער פון דער ערד ארויסגע־שפּרונגען; און ער האָט זיך צובליהט און פונאנדערגעשפּרייט זיינע צווייגען און געבאָרען פרוכט, וואָס זיינען געוועזען קרעפטיג, זיס און ערקוויקענד. צעהן יאָהר האָט ער אויף דעם פעלד געקעניגט; דאָן האָט ער פּלוצלונג גענומען איינדארען. די פרוכט האָבען זיך געענדערט אין קאָליר און אין טעם. מיט פערדרוס און מיט וועה־טאָג האָט מען די ענדערונג בעטראַכט און געהאָפט האָט מען, אז ער איז בלויז צייטווייליג אזוי, אז באַלד, באַלד וועט ער זיינע אַלטע כחות צוריקקריגען. אָבער דאָס איז ליידער ניט געשעהן. אָנשטאָט דעם איז דער בוים אינגאנצען אָבגעשטאָרבען. די ענדע איז געקומען אויך פּלוצלונג, אזוי ווי א דונער פון א קלאָהרען, בלאָהען הימעל.

דזשעק לאָנדאָן איז עס דיעזער בוים געוועזען. אין די ערשטע יאָהרען פון דיעזען יאָהרהונדערט האָט ער זיך אין דער ליטעראטור בעוויזען און די ערשטע ווערק זיינע האָבען בעשטימט זיין פּלאַץ אין די ערשטע רייהען, ניט בלויז פון דער אמעריקאנער, נאָר פון דער וועלט־ליטעראטור. אָבער, צי דערפאר, וואָס ער האָט צופיעל געשריעבען, צי טאַקע דערפאר, וואָס זיינע ליטעראַרישע כחות האָבען זיך אויסגעשעפּט — אין זיינע ווערק האָט זיך באַלד גענומען שפּירען א שוואַכקייט, א טעמפּקייט. די ביכער, וואָס ער

האָט אָנגעשריבען אין די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען, זיינען געשטאַנען ניט העכער ווי מאַנכע פון די דורכשניטליכע ראָמאַנען, וואָס ווערען הויפּענס־ווייז ארויסגעשאָטען יעדען מאָנאַט אויף דעם היגען ביכער־מארק.

די טרוקענע פאַקטען פון לאָנדאָן'ס קורצען לעבען לייענען זיך ווי קאַפּיטלעך אין אַ שונד־ראָמאַן. ער איז געבאָרען געוואָרען אין דעם יאָהר 1876 אין סאַן פראַנציסקאָ, און זיינע קינדער־יאָהרען האָט ער פערבראַכט אויף אַ גרויסען פארם ניט ווייט פון דיעזער שטאָדט. צו עלף יאָהר האָט זיך אין איהם שוין ערוועקט אַ חשק צו ביכער, צו ליטעראַטור. ער פלעגט ליעגען טעג אין די לייב־רעריס און לעזען. אָבער די ביכער, צו וועלכע די הארץ האָט איהם געצויגען, האָבען אין איהם געשאַפען אַ ליידענשאַפט צו אוואַנ־טורע. ער איז אַוועק פון דער היים און זיך אָנגעשלאָסען אָן אַ באַנדע פּיראַטען, ים־רויבער, וועלכע פלעגען בע'גנב'ענען די פישער־שיפען ביי די ברעגען פון קאַליפאָרניא. ער האָט ליעב געהאַט די ים'ען, די ווינטען, די שטורעמס, די געפאַהרען.

שפּעטער אביסעל האָט ער געאַרבייט אַלס לאָנגשאָרמען ביים ברעג. דאַן איז ער שוין געווען צוריק אין דער היים. זיין מוטער האָט אין איהם די ערשטע דערקענט זיין ליטעראַרישע פעהיגקייט און האָט איהם ערמוטהיגט צו שרייבען. אַ דאַנק איהר איינפלוס האָט ער זיך בעטהייליגט אין אַ ליטעראַרישען קאָנקורס פאַר אַ גרויסע צייטונג אין סאַן־פראַנציסקאָ, און ער האָט דעם ערשטען פּרייז געוואונען מיט אַ שילדערונג „פון אַ שטורם אויפ'ן ים". אָן אַנדערער אויף זיין אָרט, וואָלט זיך נאָך אַזאַ ערפאָלג אריינגע־וואָרפען אין ליטעראַרישער אַרבייט. לאָנדאָנ'ען האָט אָבער נאָך אַלץ דאָס לעבען געצויגען צו זיך. ער האָט ווידער פערלאָזען זיין היים און זיין שטאָדט און ער איז אַוועק טרעמפּעווען איבער'ן לאַנד. אָהן אַ סענט געלד, אַ נאַקעטער, אַ הונגעריגער, האָט ער זיך ארומגעשלעפּט מיט אַלערליי באָמס און טרעמפּס פון איין עק לאַנד ביז'ן אַנדערען.

ווען ער איז צוריקגעקומען אַהיים דיעזען מאָל, האָט ער

בעשלאָסען זיך צוצוגרייטען צו אַ ליטעראַרישע קאַריערע. ער האָט אָנגענומען אַ שטעלע אַלס דזשעניטאָר און די לעדיגע צייט גע־שטודירט. זיין דאָפּעלטע ארבייט, קערפּערליכע און גייסטיגע, איז געווען איבערנאַטירליך. איהם איז אָבער געלונגען זיך צוצוגריי־טען צום אוניווערזיטעט. אַלס סטודענט האָט ער זיך אַליין גע־מוזט ערנעהרען און ער האָט ביי־נאַכט געאַרבייט אין אַ לאַונדרי. אין פערלויף פון ערשטען יאָהר האָט זיך זיין געזונט אין גאַנצען ערשעפּט. ער האָט געמוזט דעם אוניווערזיטעט פערלאָזען.

די גאַנצע צייט וואָס ער האָט זיך געמוטשעט זיך צו בילדען האָט ער געשריעבען און געשיקט זיינע שאַפונגען צו צייטונגען און זשוראַלען. ווי דער פאַל איז מיט אַלע יונגע שרייבער, איבער־הויפּט די וואָס בעזיצען אמת'ן, אָריגינאַלען טאַלענט, האָט ער זיינע מאַנוסקריפּטען צוריקגעקראָגען. די רעדאַקטערע האָבען איהם ניט פערשטאַנען, האָבען ניט געוואוסט, אַז אַ נייער שטערן האָט זיך בעוויזען אין דעם ליטעראַרישען הימעל.

אַ פערצווייפעלטער און אַן ענטוישטער האָט ער אַלץ אוועק־געוואָרפען און איז אוועק זוכען גאָלד אין אַלאַסקאַ. קיין גאָלד האָט ער דאָרטען ניט ענטדעקט. אָנשטאָט דעם האָט ער דאָרטען געפונען די מערקווירדיגע איינדריקע און ערפאַהרונגען, פון וועלכע ער האָט שפּעטער ארויסגעגראָבען די אוצרות מיט ליטעראַרישע גאָלד און ברילאַנטען.

אַ יאָהר האָט ער אין אַלאַסקאַ פערבראַכט. ווען ער האָט זיך צוריקגעקעהרט, האָט ער געטראָפען זיין מוטער אַן אלמנה און זיינע קליינע ברידער און שוועסטער יתומים און יתומות. איצ־טער האָט ער קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. ער האָט געמוזט פער־דיענען געלד פון שרייבען, און ער האָט זיך אין דער ארבייט אריינ־געוואָרפען מיט אַלע זיינע מערקווירדיגע כחות. ער האָט געשריע־בען וועגען זיינע ערפאַהרונגען מיט די טרעמפּס, מיט די ים־רויבער. ער האָט געשילדערט דעם ים, די אייז־ און שנעע־פעלדער, די סטעפּעס, און ביסלעכווייז האָט ער פאַר זיך דורכגעבראָכען אַ וועג. ער איז אַנערקענט געוואָרען אַלס אַ נייער טאַלאַנט.

און פון דאַן אָן איז זיין בעריהמטהייט געוואַקסען און צוזאַ־מען מיט דעם איז געוואַקסען זיין וואונדערבארער טאַלאַנט. ער האַט אָבער זיין ארט לעבען ניט געענדערט. אין 1902 איז ער אוועק קיין לאָנדאָן און דאָרטען פערבראַכט אַ זומער צווישען די אָרימסטע פון די אָרימע, אין די שרעקליכע לאָנדאָנער סלאַמס. ווען די מלחמה האַט אויסגעבראָכען צווישען רוסלאַנד און יאַפּאַן איז ער אוועקגעפאָהרען צום שלאַכטפעלד, אַלס מלחמה־קאָרעס־פּאָנדענט. זיינע ווערק האָבען איהם אריינגעבראַכט אוצרות מיט געלד. ער איז געוואָרען רייך. ער האַט אָבער ניט נאָכגעמאַכט דעם ביישפּיעל פון די אַנדערע ליטעראַטען. ער האַט אויסגע־מיעדען די גרויסע שטעדט און די פערגניגענס, וואָס מען קען דאָר־טען פאַר געלד בעקומען. אָנשטאַט דעם האַט ער ארומגערייזט צווישען די ווילדע אינזלען אין פּאַסיפישען מעער. זיין היים איז געווען אויף אַ גרויסען „רענטש“, אין אַ ווילדערניש. ער האַט ביז׳ן לעצטען טאָג געלעבט אין דער סאַמע הארץ פון דער ווילדער נאַטור: אויף די ים׳ען, אויף אינזלען, אין וועלדער, צווישען חיות און ווילדע מענשען.

געשטאָרבען איז ער פּלוצלונג אויף זיין פערוואָרפענעם „רענטש“, אין דעם זומער פון 1916, אין עלטער פון 40 יאָהר.

* * *

צעהן יאָהר האַט לאָנדאָן געהאַט ריין־קינסטלערישע, געטלי־כע; אין די פיעלע ביכער, וואָס ער האַט אין דיעזער הייליגער צייט אָנגעשריעבען, וועלען לעבען לאַנג, זעהר לאַנג. און זאָגאַר ווען זיי וועלען אָבשטאַרבען פון דעם זכרון פו די מענשען, וועט זייער גייסט לעבען אין די ווערק פון לאָנדאָנ׳ס נאָכפאָלגער, פון זיינע תלמידים. וואָרים אזוי ווי יעדער אמת׳ער זשעני, האַט לאָנדאָן בעשאַפען אַ שולע. ער האַט מיט זיינע אייגענע כחות אויסגעטראָטען אַ נייעם וועג אין דער ליטעראַטור, און שוין איצט געהען אויף דעם וועג גאַנצע מחנות שרייבער, קינסטלער.

לאָנדאָן האַט זיין אייגענע קאַריערע, זיין מאַטעריעלע און

גייסטיגע ענטוויקלונג געשילדערט אין איינעם פון זיינע בעסטע ביכער, „מארטין אידען", פיליכט די לעצטע ווירקליך גרויסע ווערק, וואָס ער האָט אָנגעשריבען. מאנכע קאפיטלען גיט דאָרטען לאָנ־דאָן אָב אין אנאליזירען זיין טאלאנט, אין ערקלעהרען זיינע קינסט־לערישע כחות. ער שילדערט דאָרטען ווי אזוי דער לעבען האָט געווירקט אויף זיין נשמה, ווי אזוי זיין גייסט האָט זיך ארויסגעהוי־בען פון די נידעריגסטע זומפען און זיך ערהויבען ביז די העכסטע הויך פון פּאָעזיע און קונסט און וויסענשאפט. ער ווייזט, ווי אזוי זיין רעאליזמוס האָט אָנגענומען א אייגענארטיגע, א נייע, אַן אָריגינעלע פאָרמע. צו פערשטעהן לאָנדאָנ'ען ריכטיג, אָבצושע־צען זיין קונסט, זיינע ליטעראַרישע פערדיענסטען, איז נויטיג צו לעזען דיעזע אויטאָביאָגראפיעס. מיר גלויבען, דאָס קיינער וועט איהם קיינמאָל בעסער ניט פערשטעהן, ווי ער האָט זיך פער־שטאנען.

אין לאָנדאָנ'ס געניאליטעט זיינען געווען פעראייניגט די אייזערנע לאָגיק פון א פילאָזאָף, די קלאָהרע בעאָבאכטונגס־קראפט פון א פּאָעט. און דיעזע דריי כחות האָט ער בענוצט אין זיינע בעסטע ווערק. אין זיי איז ער קיינמאָל ניט בלויז א דיכטער, בלויז א מאהלער; זיין קאָפּ, זיין דענקונגס־קראפט איז איהם אימער געשטאנען צו דיענסט. ער האָט געשטודירט אלע ערשיינונגען, איבער וועלכע ער האָט געשריבען. ער האָט זיי געשטודירט ניט פאר זייערע ספעציעלע אייגענשאפטען, פאר זייערע בעזונדערהיי־טען, ווי דער קינסטלער טהוט עס, נאר צוליעב זייערע אלגעמיינע אייגענשאפטען, צוליעב דאָס כאראקטעריסטישעס אין זיי, ווי דער פילאָזאָף און דער וויסענשאפטסמאן טהוען עס.

און דערפאר ווערען זיינע פּאָעטישע שילדערונגען פון חיות, זיינע ריין־פאנטאסטישע בעשרייבונגען וועגען הינד און וועגען מאָנקי־מענשען, וואָס האָבען געלעבט מיט הונדערטע טויזענדע יאָהרען צוריק, אנערקענט פון נאטור־וויסענשאפט־מענשען אלס וויכטיגע ביישטייערונגען צו דער וויסענשאפט פון חיות. אין די וויכטיגע אוניווערזיטעטען פון לאנד ווערט זיין ווערק „בעפאָר

עדעם" (פֿאַר אדם'ן) געשטודירט אין די קלאַסען, וואָס לערנען די וויסענשאַפֿט פֿון דער אָבשטאַמונג פֿון דעם מענשען.

און דערפֿאַר זיינען אויך זיינע קירצערע און לענגערע ערצעהלונגען וועגען דעם לעבען אין די גרויסע שטעדט, דעם לעבען פֿון אָרימע אין די „סלאַמס", און פֿון די ארבייטער אין די פֿעקטאָרים און פֿון די טרעמפּס „אויף די וועגען" פּראָפּאַגאַנדע־ביכער פֿאַר דעם סאָציאַליזם. לאַנדאָן האָט דיעזע ביכער ניט געשריעבען אַלס סאָציאַליסטישער פּרעדיגער, ער האָט אויך דעם סאָציאַליזם צו זיי ניט צוגעטשעפּעט; ער האָט אין זיי געשילדערט די געזעלשאַפֿט ווי ער האָט איהר געזעהן, ווי ער האָט איהר איפּגעפּאַסט. ער האָט די בילדער געמאָהלען מיט די קינסטלערישע פֿאַרבען פֿון זיין געניאַליטעט; אָבער דיעזע פֿאַרבען זיינען אין נשמה אויסגעמישט געוואָרען מיט זיינע סאָציאַליסטישע געדאַנקען. זיין פּאָעזי, זיין ליטעראַרישע קונסט, זיין פֿאָרשטעלונגס־קראַפֿט זיינען אימער געווען צונויפֿגעשמאָלצען מיט זיינע פֿילאָזאָפֿישע אַנשויאונגען. ער האָט זיי ניט געקענט פֿונאַנדערטהיילען.

און דערמיט ערקלעהרט זיך די מערקווירדיגע סתירה אין לאָנדאָן'ס שאַפֿונג. פֿון איין זייט איז ער דער גרויסער פֿערעהרער, דער ענטהוזיאַסטישער מאַהלער פֿון די עלעמענטאַרסטע, פּרימיטיווסטע געפֿיהלען און ליידענשאַפֿטען. זיינע בעשרייבונגען פֿון פּרייז־פֿייטס זידען און קאָכען מיט די הייסעסטע, זודיגסטע בלוט. זיינע שילדערונגען פֿון דעם מענשענס קאַמפּף מיט די ווילדעסטע כחות פֿון דער נאַטור, מיט שטורעמס אויפֿ'ן ים, מיט חיות אין וואַלד, מיט מענשען, פֿערוואַנדעלט אין בעסטיעס זיינען פֿול מיט לעבען, פֿול מיט דעם נשמה־ברען וואָס שטאַמט פֿון דעם דיכטער'ס העכסטע בעגייסטערונג, פֿון העכסטען עקסטאַז. ער איז געווען איינער פֿון די בעסטע קאָרעספּאָנדענטען פֿון די שלאַכטפֿעלדער אין דעם רוסיש־יאַפּאַנעזישען קריעג. מלחמה, בלוט — דאָס זיינען זיינע עלעמענטען; אין זיי לעבט אויף זיין נשמה און צושפּיעלט זיך אויף איהר העכסטער אָקטאַווע אין זיי

פלאַמט אויף זיין פאַנטאַזיע און מאָהלט בילדער פון פייער אויף א לייוועגנד פון גליהענדע שטאָהל.

און דאָך איז דערזועלבער לאַנדאָן אַ דיכטער פון די איידעלסטע, שעהנסטע געפיהלען אין דער נשמה פון דעם ציוויליזירטען מענשען. נאָך מעהר, ער דערקענט דיעזע העכערע, איידעלע געפיהלען אין די נשמות פון זיינע ווילדע חיות, פון זיינע מאַנקי־מענשען, פון זיינע פרימיטיווע מענשען. יעדער קאַפּיטעל אין זיין מייסטער־ווערק „דהי קאָלל אָוו דהי ווייל ד", וואו עס ווערט געשילדערט דער קאַמפּף פון אַ גרופּע הינד צווישען זיך און מיט די שרעקליכע כחות פון דער נאַטור אויף די אייז־פעלדער אין אַלאַסקאַ, אַט אין דיע־זען בוך, וואו יעדער קאַפּיטעל פליסט מיט בלוט, וואו די ווילדעסטע ליידענשאַפטען זיינען צורייצט ביז'ן העכסטען שרעקליכסטען גראַד — אַט דאָרטען ענדיגט זיך כמעט יעדע פּאַסירונג מיט אַ שטיק פּאָעטישע שילדערונג פון נאָבעלסטען סאָרט. דער הונד, וועלכער האַט ערשט געביסען און געריסען שטיקער פלייש פון זיין שונא, די צואווילדעוועטע בעסטיע, וואָס האָט ערשט מיט ווילדען צאָרן פערצוקט דעם שוואַכערען, אַט ער ווערט פלוצלונג אָנגע־געפילט מיט אַ מין וועלט־שמערץ; פון דעם קאַלטען הימעל, פון די לאַנגע ווייסע שנעע־פעלדער, פון די הויכע מורא'דיגע פעלזען, דרינגט אין זיין נשמה אריין אַ וועה־מוטה און ער הויבט אויף דעם קאָפּ צום הימעל און בילט מיט אַ מיסטישען יאָמער, אין וועלכען עס קלינגט דער גאַנצער וועהטאָג, די גאַנצע טראַגעדיע פון לעבען און טוידט.

און איהר געפינט דיעזע פּאָעזיע, דיעזע פּאָעטישע מאָטיווען אויך אין די הערצער פון די דערשלאָגענע, פערוואָגעלטע, צובור־שעוועטע מענשען אין די ערגסטע „סלאַמס", וואָס לאַנדאָן שיל־דערט. יעדער מענש און יעדע חיה, וועלכע לאַנדאָן ליעבט, וועלכע ער מאָהלט מיט סימפּאַטיע, מיט אמת'ע קונסט, איז אַ האַלבער פּאָעט, ווי ווילד ווי פרימיטיוו ער זאָל ניט זיין.

לאַנדאָן האַט ליעב ביידע זייטען פון מענשען: אי זיין קערפּער אי זיין נשמה. ער האָט פערעהרט אי די מוסקלען אי

די רייכע פאַנטאַזיע. ער האָט געליעבט די הינד וואָס קענען רייד־סען און בייסען ווען נויטיג און וואָס קענען אויך ליגען און חלומ'ען לעבען די פיס פון דעם בעל הבית. ער האָט די צוויי זייטען פון דעם מענשען, די צוויי זייטען פון דער נאַטור, די צאַרענדיגע און די פריעדליכע גלייך בעוואונדערט, ווייל ער האָט געלערענט און געוואוסט, אַז זיי זיינעןביידע נויטהיג, אַז זיי זיינען ביידע אַ טהייל פון דער נאַטור, אַ טהייל פון דעם מענשען, אַז זיי האָבען ביידע אימער אין מענשענ'ס נשמה געלעבט און וועלען אימער אין מענשענ'ס נשמה לעבען.

געהאַסט האָט לאַנדראַן בלויז דיעזע כחות אין מענשען און אין דער היץ, וועלכע זיינען צייכענס ניט פון פרימיטיווע אינסטינקטען, ניט פון ענטוויקעלטע אייגענשאַפטען, נאָר פון דעגענעראַציאָן, פון אָבשטאַרבונג, פון צופוילטקייט. ער האָט געהאַסט דעם פייגלינג, דעם שוועכלינג, דעם איינגעטריקענטען דעם בלוטלאָזען, דעם עגאָ־איסט, דעם פּאַפּער. ער האָט געהאַסט דעם צופריעדענעם, דעם פוילען, דעם אונוויסענדען, וואָס שטרעבט ניט נאָך וויסען. און ווייל ער האָט דיעזע מענשען געהאַסט, האָט ער זיי אַזוי שלעכט געשילדערט אין זיינע ביכער. אַ קינסטלער קען ניט מאָהלען מיט טאַלאַנט, סיידען ער איז אין פולע סימפּאַטיע מיט די פּערזאָנען וואָס ער מאָהלט.

לאַנדראָן איז אין דיעזען זין געוועזן איינזייטיג, אין דעם זין, דאָס ער האָט פערשטאַנען בלויז די זייט פון לעבען, וועלכע איז נאָך זיין מיינונג געוועזן די געזונטע, די נאַטירליכע. ער האָט פער־שטאַנען די נשמות פון די טרעמפּס, וואָס רעוואָלטירען געגען די שקלאַפעריי פון די פעקטאָרים. ער האָט פערשטאַנען די נשמות פון די מענשען, וואָס זיינען געצוואונגען אימער צו געברויכען מאַכט אין קאַמפּף געגען די ניט־געצוימטע כחות פון נאַטור אין דער געזעלשאַפט. ער האָט פערשטאַנען די נשמה פון דעם אָרי־מאַן, וואָס לאָזט זיך ניט אַראָב אין זומפּ פון גלייכגילטיגקייט און קעמפּפט געגען די אומשטענדען ביז'ן לעצטען אָטהעם פון זיין ברוסט. די זייט פון דער געזעלשאַפט, וועלכע ער האָט בעטראַכט

אלס די דעגראדירטע, די אָבגעשטאָרבענע — די האָט ער ניט פער־שטאַנען, די האָט ער ניט געשילדערט.

אָבער פון צווייטען שטאַנדפונקט איז לאָנדאָן געווען פאָל־שטענדיג גאַנץ. די זייט פון לעבען וואָס ער האָט געליעבט, האָט ער פערשטאַנען אין אַלע איהרע מדרגות. ער האָט יענע זייט גע־שילדערט אין דער שטומער נאַטור, אין דעם הונד, אין דער מאָנקי פון וועלכע דער מענש שטאַמט; אין דעם פרימיטיוועז, האַלב־ציוויליזירטען מענשען; אין דעם ענטוויקעלטען, אויפגעקלעהרטען מענשען און אין דעם ארטיסט און פּאָעט.

און דאָס זעלבע אין דער געזעלשאַפט. די געזעלשאַפט וואָס ער האָט פערשטאַנען, מיט וועלכער ער האָט סימפּאַטיזירט האָט ער געמאָהלען אין אַלע איהרע גראַדען. ער האָט איהר פאָרגע־שטעלט אין דער אַלטער, ווילדער פערגאַנגענהייט, אין דער הינ־טערשטעהענדע לענדער, אין די ענטוויקעלטע שטעדט, און אין דער וויטער ערב־סאָציאַליסטישער צוקונפט.

---

## „די שטימע פון בלוט“

(קורצע כאראקטעריסטיק — פון מ. אלגין)



הונט. א געזונטער, שווערער, הונדערט־פערציג־פונטיגער הונט ערגעץ וואו אין די קאלטע וויס־טענישען פון אלאסקא. וואס קעהר ער זיך אן מיט אונז? וואס איז אונז זיין נשמה, זיין שטרע־בען און זיין בענקען? צו האט דען איבערהויפט א הונט א נשמה? צו קען א הונט בענקען?

לייענט איהר איבער דעם ראמאן פון דזשעק לאנדאן „דהי קאלל אוו דהי ווילד“, ווערט אט דער הונט פאר אייך פול מיט אינטע־רעס; איהר פערפאלגט זיין געשיכטע פונקט אזוי געשפאנט, ווי דאס וואלט געווען די געשיכטע פון א מענשען; ניין — איהר זענט נאך מעהר פעראינטערעסירט און נאך מעהר געשפאנט, ווארום דאס וואס דזשעק לאנדאן ענטפלעקט פאר אייך אינ׳ם הונט, איז פיעל מערקווירדיגער און פיעל פאקענדער, איידער פיעלע געשיכטען וועגען לעבעדיגע מענשען. דער הונד פערוואנ־דעלט זיך פאר אייך אין אן אייגענארטיגע פערזאן מיט אן אייגענארטיגען לעבען; איהר מאכט מיט איהם דורך פערשיעדענע געשעהנישען פון זיין אונגעוועהנליכער קאריערע, איהר פרעהט זיך איבער זיינע ערפאלגען, איהר זענט שטאלץ מיט זיינע זיגען, אייך טהוט כמעט וועה, ווען איהר זעהט איהםליידען, און צום שלום פונ׳ם ראמאן, ווען איהר געזעגענט זיך מיט איהם ערגעץ וויט אין צפון, אונטער דעם מיסטישען שיין פון דער צפון־ליכט, קלעמט אייך דאס הארץ און איהר ווילט זיך אליין ניט מודה זיין, אז איהר בענקט נאך אט דער שטארקער ווילדער בלוט־דורשטיגער בעסטיע.

ווי איז דאס מעגליך?

דאס איז דאס ווערק פון א גרויסען טאלאנט. דזשעק לאנדאן האט אין דער „שטימע פון בלוט! בעשאפען א מייסטער־ווערק,

וואו יעדע שורה און יעדעס בלעטעל איז אנגעזאפט מיט טאלאנט, מיט קראפט, מיט אריגינאליטעט. די „שטימע פון בלוט“ איז איינס פון די איבערראשענדסטע ווערק ניט נאר פון דער אמע־ריקאנער, נאר אפשר פון דער וועלט־ליטעראטור איבערהויפט. דזשעק לאנדאנ׳ס אייגענשאפטען אלס שריפטשטעלער ענטפלעקען זיך דא אין פולער קראפט.

וואס זיינען די מיטלען, מיט וועלכע לאנדאן אפערירט אין זיין ראמאן?

מיר אלע האבען ליעב די נאטור; מיר ווייסען פון דער שענ־קייט פון פעלד און וואלד און ים; מיר ווייסען אפילו פון די חיות און פויגלען און אנדערע לעבעדיגע בעשעפענישען, וואס בעפעל־קערען די וועלט; מיר פערשטעהען, אז אהן ארגאנישע בעשעפע־נישען איז א וועלט טויט. אבער וואס איז אונז די נאטור? אן אויסוועניגסטע זאך. מיר זיינען צושויער. מיר שטעהען אן א זייט. מיר זיינען ניט אקטיוו. נאטור, טויטע און לעבעדיגע איז פאר אונז ניט מעהר ווי א דעקאראציע.

דזשעק לאנדאן איז אנדערש. דזשעק לאנדאן געה־צו צו דער נאטור פון א י נ װ ע נ י ג. דזשעק לאנדאן ע ר ל ע ב ט די נאטור און צווינגט אייך אויך זי צו ערלעבען. דער הונט איז ביי איהם ניט גלאט אזוי א בעשעפעניש, וואס בעוועגט זיך און בילט. דער הונט האט א נשמה. ער קען פיהלען. ער קען פערשטעהן. ער קען זיך צובינדען צו א מענשען און האסען א מענשען. ער קען זיין אומגליקליך, און ער קען זיין בעגייסטערט. דזשעק לאנדאן קוקט אויף איהם ניט פון אויסען, נאר פון א י נ װ ע נ י ג, פונ׳ם שטאנדפונקט פון זיינע, דעם הונד׳ס, איבערלעבונגען. עס בעקומט זיך, אז ניט דער מענש קוקט אויפ׳ן הונד, נאר דער הונד אויפ׳ן מענשען; ניט דער מענש קעמפפט געגען דער צפון־נאטור מיט דער הילף פון הינט, נאר די הינט לעבען דורך א דראמע פון קאמפף געגען נאטור־קרעפטען אונטער דער פיהרונג פון א מענ־שען. די גאנצע צפון־נאטור, מיט מורא׳דיגע פרעסט, מיט די בערג פון שניי, מיט די פעלזען פון אייז, מיט דעם גרויסען סוד,

וואס איז אויסגעגאסען אין די צעהן־מאנאטליכע ווינטערן און דריי־מאנאטליכע נעכט, פערוואנדעלט זיך אין א לעבעדיגע בעשע־פעניש, מיט וועלכער איהר אליין האלט מלחמה.

ווארום דזשעק לאנדאן איז ניט אזא מענש, וואס זאל זיך אוועקזעצען און בעשרייבען זאכען גלאט אזוי צוליעב'ן בעשרייבען. ער איז צו אקטיוו. ער דארף האנדלונג. זיינע בעשעפענישען האלטען אין איין בעוועגען זיך, אין איין טהאן, אין איין אנשטרענ־גען די מוסקלען. לאנדאנ'ס ים איז געמאכט, אז מענשען זאלען איבער איהם פאהרען אויף שיפען און שטרייטען געגען זיין ווילדער מאכט און זי בעזיעגען; לאנדאנ'ס וואלד איז א פיעל־קעפיגע כיטרע בעשעפעניש, וואס רינגעלט ארום דעם מענשען מיט אלער־ליי געפאהרען און וואס דער דארף זיין פארזיכטיג, אויפמערקזאם, אנגעשטרענגט מיט אלע זיינע חושים כדי אזא שונא צו בעהערשען; לאנדאנ'ס אלאסקא איז ניט גלאט א לאנד פון קעלט און טויט;— דאס לאנד איז וואך, עס איז פול מיט בעהאלטענער קראפט, עס שטעלט אונגעהייערע שטרויכלונגען אויף שריט און טריט, עס קעמפפט סיסטעמאטיש קלוג, אויסגעהאלטען, אומדערבארעמדיג געגען די ווייסע פרעמדע, וואס זיינען געקומען אהער זוכען גאלד און גליק.

מיט אט די ווייסע פרעמדע לעבט דער הונד באק. ער איז אליין אויך געווען אמאל א ציוויליזירטער הונט; געלעבט אין דרום־לאנד, אין קאליפארניע, אין א בליהענדען טהאל, אינ'ם הויף פון א רייכען מענשען; געוואוסט פון פיינע מאניערען, פערשטאנען רעכט און אומרעכט, גוט און שלעכט, געהאט, ווי זאגט לאנדאן, „מאראלע בעגריפען". האט מען איהם אבער צוגע־גנב־עט און גע־בראכט אהער, אין לאנד פון אייז און שניי, און איהם אוועקגע־שטעלט פנים אל פנים מיט דעם „געזעץ פון קלאפ און ביס", מיט דעם „געזעץ פון טויט אדער דו וועסט ווערען געטויט, עס אדער דו וועסט ווערען געגעסען". דער הונד, ווי דער מענש, האט זיך געדארפט שנעל צופאסען צום נייעם לעבען, איבערבייטען זיין מאראלישע נאטור, אויסבעסערן זיין פיזישע נאטור, כדי צו קענען

לעבען. פיעלע הינד, ווי פיעלע מענשען, האבען דאס ניט געקענט, זיינען זיי אומגעקומען. באק האט דאס יא געקענט, ווייל ער איז בטבע געווען מעהר וואלף, ווי הונד, און אין ווי געשאפען געווארען צו לעבען אין אזא וועלט.

די געשיכטע פון באק'ן אין אלאסקא איז דער אינהאלט פון „דהי קאלל אוו דהי ווילד". באק'ס ערשטע בעגעגעניש מיט א שטעקען; באק'ס ערשטע ערפאהרונגען אין לאנד פון ברוטאלער געוואלט; באק אלס א שליטען־הונד, וואס שלעפט מיט אכט אנ־דערע הינד דעם פאסט־שליטען פאר דער קאנאדישען רעגיערונג; באק'ס שטרעבונג צו זיין דער ערשטער צווישען דער חאליאסטרע פון זיינע חברים; באק'ס מלחמה אויף לעבען און טויט געגען דעם שטארקסטען פון די איבעריגע הינט; באק'ס איבער־נאטירליכע אנשטרענגונגען אין דעם שווערען שפאן, אהן גנעדיגער רוה און אהן געניגענד עסען; באק, אויסגעמאטערט, טויט־מיעד, אונפעהיג צו ריהרען מיט אן אבר; באק אויפ'ן שוועל פון טויט; באק גערע־טעט פון א פרעמדען מאן; באק צוגעבונדען מיט לייב און לעבען צו זיין רעטער; באק — א גלענצענדע בעשעפעניש, פול מיט אונ־געוועהנליכע ענערגיע און קראפט: באק'ס קלוגשאפט און מסירת־נפש, ווען ער רעטעט זיין הערשער פון טויט; באק'ס גבורה ווען ער געווינט זיין בעל־הבית זעכצעהן הונדערט דאלאר (יענער האט זיך געוועט, אז זיין הונד וועט איינער אליין שלעפען א שליטען מיט טויזענט פונט משה, און באק טהוט דאס); באק'ס בעקאנט־שאפט מיט וועלף און זיין צוריקקעהר צו דער ווילדער נאטור,— דאס איז דער אינהאלט פון דעם ראמאן.

דאס איז אבער נאר, אזוי צו זאגען, די אויסען־זייט, דער גרונד, אויף וועלכען לאנדאן וועבט זיינע אוזארען. דער עיקר איז — די פסיכאלאגיע פונ'ם הונד, און נאך מעהר — די ערוואַ־כונג פון א בענקשאפש צו פרייעם לעבען, צו ווילדען לעבען, די שטימע פון בלוט, וואס רופט איהם און ציהט איהם פון דער מענשליכער געזעלשאפט צוריק אהיים, אין וויסטען וואלד, אין ברייטען פעלד, צוריק צו דער פרימיטיווער וועלט.

די קאַפּיטלען, וואו אַט די בענקשאַפט ווערט געשילדערט, זיינען די שטאַרקסטע און די פּאַלקאַמענסטע אין „דהי קאָלל אָוו דהי ווײלד“. אין זיי אַטהעמט אַ בעזונדערע בערוישענדע פּאָעזיע, און אין זיי ווייזט זיך לאָנדאָן ארוים בולט'ער ווי אומעטום. עס איז דער רוף צום פּרימיטיווען, וואָס האַט געקלונגען נאָכאַנאַנד אין דעם שרייבער'ס נשמה, און עס איז דער צוריקקעהר צום פּרי־מיטיווען, וואָס לאָנדאָן האַט געשילדערט מיט אזא אונגעוועהנלי־כער פרישקייט אין דער געשיכטע פונ'ם הונד באַק.

נאָך גאָר פון אָנהויב אָן, ווי נאָר דער „קולטור“־הונד קוקט זיך אַרום אין דעם לאַנד פון גראָבער געוואַלט, ענדערט זיך זיין גאַנצעס וועזען און ער קעהרט זיך אום צו די געוואוינהייטען און פיהרונגען פון זיינע עלטער־עלטער־זיידעס פון צוריק מיט טויזענ־טער יאָהרען. דאָס איז איהם ניט שווער. עס טהוט זיך פון זיך. אַקוראַט ווי דאָס איז שטענדיג געווען אין איהם. ער בייסט און רייסט און עפּענט העלזער און טרענט אויף בייכער און איז דער־ביי שנעל ווי אַ בליץ און קלוג און פאַרזיכטיג און כיטרע. ער איז אַ קינד פון דער ווילדער נאַטור. ער איז געבוירען דערצו. „און ווען אין קאַלטע נעכט, — שרייבט לאָנדאָן, — פּלעגט ער אָנ־שטעלען זיין שפּיציגע מאָרדע צו אַ שטערען און וואָיען לאַנג און אויסגעצויגען, אויפ'ן שטייגער פון אַ וואָלף, זיינען דאָס געווען זיינע עלטער־זיידעס, לאַנג צושאָטען אויף שטויב, וואָס האָבען אָנגעשטעלט זייערע מאָרדעס צו אַ שטערען און געוואָיעט אהער צו אונז, דורך יאָהרהונדערטע און דורך איהם. און זיינע טרויע־ריגע טענער זיינען געווען זייערע טענער, וואָס האָבען דערצעהלט פון פּיין און פּרייד פאַר דער שטילקייט און דער קעלט און דער פינסטערניש“.

וואָס ווייטער, אַלץ מעהר ערוואַכט אין באַק'ען דער פאַרצייי־טיגער הונד — דער וואָלף. אַלטע אינסטינקטען, אָבגעשוואַכט דורך אַ לעבען אין אַ וואַרים לאַנד צווישען ציוויליזירטע מענשען, ווערען צוריק פריש און ניי. באַק שלאָפט און איהם חלומ'ט זיך, אַז ער זעהט דעם אמאָליגען מענשען, נאַקעט, בעדעקט מיט האָהר,

נאך ארומגעהענדיג אויף אלע פיער. באק ליעגט ביים פייער און ער זעהט הינטער זיך די שאטענס פון אלערליי הינד, האלב־וועלף און ווילדע וועלף, זיינע קרובים, וואס שטעהען הינטער איהם, שמעקען דעם ווינד מיט איהם, דערצעהלען איהם וואס ס'בעדייטען די שטימען פונ'ם ווילדען לעבען אין וואלד, דיקטירען איהם זיינע שטימונגען, פיהרען אן זיינע האנדלונגען, לעגען זיך מיט איהם ווען ער לעגט זיך שלאפען, טרוימען מיט איהם און אויסער איהם און ווערען אליין א טהייל פון זיין חלום.

און אלע מאל דייטליכער הערט ער די שטימע פון דער ווילדער וועלט, די שטימע וואס רופט. „טיעף אין וואלד האט א רוף גע־קלונגען, און אלע מאל ווען ער האט געהערט דעם רוף, האט א מיסטישער שוידער דורכגענומען זיין גאנצען וועזען; עפעס האט איהם געצויגען, געצוואונגען אויסצוקירעווען זיין רוקען צום פייער און אריינצושפרינגען אין וואלד, ווייטער און ווייטער, ער האט אליין ניט געוואוסט וואוהין און פארוואס; די שטימע האט גע־קלונגען מיט בעפעהל, טיעף אינ'ם וואלד".

ס'איז געקומען די צייט, ווען אט די שטימע איז געווארען שטאר־קער, און באק פערלאזט זיין בעליעבטען הערשער, דעם מאן, און געהט אוועק. די שטימע פון בלוט איז צו שטארק. דאס בלוט זיעגט.

עך איז דא עפעס א מיסטישער טאן, א מיסטישער טרויער, אין די לעצטע סצענעס, וואו לאנדאן מאלט אונז דעם הונד איינעם אליין אין מיטען פון דעם צפון־לאנד. עפעס א מערקווירדיגער בענקשאפט הויבט זיך אן ריהרען אין אונז אליין. וואוהין? צום הונד? צו דער פרימיטיווער נאטור? צו דעם רויש פון די סאס־נעס אינ'ם איינזאמען קאלטען לאנד? אדער איז דאס די שטימע פון אונזערע אייגענע ווילדע עלטער־זיידעס, וואס איז נאך ניט אינגאנצען אנטשוויגען געווארען אין אונז און וואס לאנדאן האט אויפגעוועקט מיט זיינע קונציגע בילדער?

לאנדאן'ס „הינטישער" ראמאן איז פיעל „מענשליכער" ווי טנצען אנדערע ראמאנען וואס האנדלען מיט מענשען.

די ווילדע נאַטור: די ערלעבונג פון נאַטור דורך האַנדלונג; די ערוואַכונג פונ׳ם פּרימיטיווען — דאָס זיינען די הויפּט־עלע־מענטען פון דעם ראָמאַן, אריינגעוועבט זיינען זיי אין אַ שפּאַנענ־דער פאַבולאַ, וואָס מאַכט דאָס ווערק אַזוי אינטערעסאַנט, אַז מען קען זיך ניט אָברייסען דערפון. געשריעבען איז דאָס ווערק מיט אַזאַ פּלאַסטישקייט און אַזאַ נאַאיווער התפּעלות פאַר מוסקעל־קראַפט, פאַר בעוועגונג, פאַר דער הערשאַפט פון דעם פאַלקאָמענעם איבער אונפאַלקעמענעם, ווי נאָר לאָנדאָן האָט געקענט. אין אונזער אידישער ליטעראַטור האָבען מיר ניט קיין דמיון פון אַזוינע ווערק, און עס איז געווים אַ דאַנקבאַרע אויפגאַבע צו מאַכען „דהי קאָלל אָוו די ווײַלד״ צוגענגליך פאַר אידישע לעזער.




„איבער אָט דער ברייטער געגענד"

# THE CALL OF THE WILD



## אַהין, וואו ס׳הערשט ברוטאַלע קראַפט.

„אַלטע נאָמאַדישע בענקשאַפט ערוואַכט,
ריטעלט די קייטען פון הויזליכען פריעדען
ס׳טאָגט שוין. אַריבער די ווינטער־נאַכט,
ווילדע געבליטען רוישען און זידען.



אק האָט קיין ציימונגען ניט געלייענט, אַניט וואָלט ער געוואוסט, אַז ער שטעהט אין סכנה, ניט נאָר ער אליין, נאָר יעדער געזונטער הונד מיט שטאַרקע מוסקולען און אַ וואַרימען פעלץ — איבער דער גאַנצער לענג פון דער פאַסיפיק. די מעשה איז געווען אזוי : מענשען האָבען ארומגעטאַפּט אין דער פינסטערניש פון צפון־לאַנד און געפונען אַ געלען מעטאַל. און ווייל די דאַמפף־שיפען און טראַנספּאָרט קאָמפּאַניעס האָבען צוליעב דעם געמאַכט אַ שטאַרקען טומעל, האָבען זיך טויזענדער אַ לאָז געטהאָן אין יענער קאַלטער מדינה. די מענשען האָבען געדאַרפט טהאָן שווערע ארבייט און מיט אַ שמויסיגער פעל צו זיין בעוואָרענט פאַר קעלט.

באק האט געלעבט אין א גרויסען הויז אין דעם גאט־געבענשטען טהאל פון סאנטא קלארא. ריכטער מיללער'ס אייגענטהום האט מען דעם פלאץ גערופען. געווען איז עס אן א זייט פונ'ם וועג, האלב פערשטעלט מיט בוימער. דורך די בוימער האט מען געקענט כאפען א קוק אויף דער ברייטער קיהלער ווערענדא, וואס האט ארומגערינגעלט דאס הויז פון אלע פיער זייטען. צום הויז האבען געפיהרט ברייטע, איינגעפאהרענע סטעשקעס, וועלכע האבען זיך געשלענגעלט צווישען גראז־בעוואקסענע לאנען, אונטער הויכע טאפאלען מיט געפלאכטענע צווייגען. הינטער'ן הויז איז אלעס געווען נאך פיעל גערוימער, איידער פארענט. דארט זענען געשטאנען גרויסע שטאלען, מיט א טוץ גרומס און פערד־יונגען; דארט האבען זיך געצויגען רייהען הייזלעך, פערשטעלט מיט ווייןבלעטער — די וואוינונגען פון די בעדיענטע; דארט איז געווען א לאנגע שורה פון אנדערע געביידעס, עטליכע גרויסע וויינגערטנער, גרינע פעלדער, פרוכט־בוימער, בייטען מיט יאגדעס. ווייטער איז געווען א שטיבעל מיט א פאמפע פאר דעם ארטעזיאנישען ברונען, און דער גרויסער צעמענטענער רעזערוואואר, וואו ריכטער מיללער'ס יונגעלעך פלעגען זיך באדען אין־דער־פריה כדי ס'זאל זיי ניט זיין צו הייס בייטאג.

און איבער אט דער גאנצער רחבות איז באק געווען קעניג. דא איז ער געבוירען געווארען, דא האט ער פערבראכט די פיער יאהר פון זיין לעבען. אמת, ס'זיינען געווען אנדערע הינט אויך, עס האט אנדערש ניט געקענט זיין אין אזא ריעזיגען מאיאנטעק; אבער יענע הינט האבען ניט געהאט קיין ממשות. זיי פלעגען קומען און געהן; זיי האבען געלעבט צו עטליכע אין איין בודקע, אדער גאר זיך אויפגעהאלטען ערגעץ אין די ווייטע ווינקעלעך פונ'ם הויז, ווי א שטייגער טוטס, דער יאפאנישער מאפס, אדער איזאבעל, דער מעקסיקאנער מיט דער נאקעטער פעל, — מאדנע בעשעפענישען, וואס האבען זעלטען ארויסגעשטעקט א נאז אינדרויסען אדער געשטעלט א פוס אויף דער ערד. פון דער אנדערער זייט איז געווען א גאנצע האפטע פאקס טעררי ערס, אפשר גוטע צוויי צעהנדליג,

וואס האבען שרעקליך געבילען און זיינען גרייט געווען דורס צו זיין טוטס'ן און איזאבעל'ן, ווען יענע האבען ארויסגעקוקט דורך די פענסטער אונטער דער שוץ פו א מחנה שטוב־מיידלעך מיט בעזי־מער און פלעדערווישען אין די הענד.

באק איז אבער געווען ניט קיין שטום־הונט און ניט פון די, וואס וואוינען אין בודקע. דאס גאנצע וועלטעל איז געווען זיינס. ער פלעגט ארייַנשפרינגען אין דעם שווים־באסיין אדער ער איז געגאנגען אויף געיעג מיט'ן ריכטער'ס זוהן; ער פלעגט בעגלייטען מאלליע און עלים, דעם ריכטער'ס טעכטער, ווען זיי פלעגען שפא־צירען גאנץ פריה אדער צווישען טאג און נאכט. אין די ווינטער־אבענדען פלעגט ער ליגען ביי'ם ריכטער'ס פים אנטקעגען דעם פלאקערענדען פייער אין ביבליאטעק. ער פלעגט טראגען דעם ריכטער'ס אייניקלעך אויף זיין רוקען, ער פלעגט היטען יעדען טריט זייערען, ווען זיי פלעגען זיך אוועקלאזען אויף זייערע ווילדע רייזען צום פאנטאן אינ'ם שטאל־הויף אדער נאך ווייטער, צו דעם אבגעצאמטען ווינקעל, וואו מ'האט געטריבען די פערד אויף א שטריק, — אדער גאר צו די יאגדעס. צווישען די פאקס טערריערס פלעגט ער ארומשפאנען מיט א שטאלצער מינע, און טוטס'ן און אי־זאבעל'ן פלעגט ער איבערהויפט ניט בעמערקען, — ווארום ער איז געווען קעניג, קעניג איבער אלצדינג, וואס ריהרט זיך און קריכט און שפרייזט און פליהט אין ריכטער מיללער'ס מאיאנטעק, די מענשליכע בעשעפענישען אריינגערעכענט.

זיין פאטער, עלמא, א ריעזיגער סען בערנאר, איז געווען דעם ריכטער'ס שטענדיגער חבר, און באק איז געגאנגען אינ'ם וועג פון זיין פאטער. ער איז געווען קלענער, — סך הכל געוואויגען הונדערט פערציג פונט, ווייל זיין מוטער, שעפ, איז געווען א שאָ־טישער הויז־הונט. אבער די הונדערט פערציג פונט, צוזאמען מיט דער ווירדע, וואס נעהמען זיך פון א גוט לעבען און אלגעמיינעם רעספעקט, האבען איהם דאך געגעבען א מעגליכקייט צו האלטען זיך ווי א קעניג. די אלע פיער יאהר, פון זיין קינדהייט אן, האט ער געלעבט ווי א זאטער אריסטאקראט; ער איז געווען שטאלץ

מיט זיך, געווען אפילו א ביסעל עגאאיסטיש, ווי דער שטייגער איז מיט דארפישע פריצים וועלכע לעבען אבגעזונדערט פון דער גאנ־צער וועלט. געראטעוועט האט איהם דאס, וואס ער איז ניט גע־ווארען קיין געבאלעוועטער שטוב־הונט. ער פלעגט געהן אויף געיעג און א סך פערברענגען אין דער פרישער לופט. דאס האט פער־הארטעוועט זיינע מוסקלען און איהם ניט געלאזט ווערען פעט. די ליעבע צו וואסער איז פאר איהם געווען א דערפרישונג און האט פערהיט זיין געזונד.

אט דאס איז געווען די לאגע פון דעם הונד באק אום הערבסט, 1897, ווען די קלאנדייק־סענסאציע האט גענומען צוציהען מענשען פון אלע עקען וועלט צו דעם געפרוירענעם צפון־לאנד. אבער באק האט קיין צייטונגען ניט געלעזען און ער האט ניט געוואוסט, אז מאנועל, איינער פונ׳ם גערטנער׳ס געהילפען, איז פאר איהם ניט קיין פאסיגער חבר. מאנועל האט געהאט איין גרויסען יצר הרע: ער האט ליעב געהאט שפיעלען אין כינעזישע לאטטעריע. אין שפיעלען האט ער געהאט איין גרויסע שוואכקייט: געגלויבט אין א סיסטעם. דאס איז געווען זיין אומגליק. ווארום אויב איהר שפיעלט מיט א סיסטעם, דארפט איהר געלט, און א גערטנער׳ס גע־הילף בעקומט אזוינע שכירות, אז זיי קלעקען קוים אויסצוהאלטען א ווייב מיט א שאק קינדער.

דער ריכטער איז געווען אויף א מיטינג פון דעם ראזשינקען־מאכער־פערבאנד, און די אינגלעך זיינען געווען פערנומען מיט ארגאניזירען אן אטלעטישען קלוב, ווען מאנועל האט אויסגעפיהרט זיין פערברעכערישען פלאן. דאס איז געווען אין אבענד. קיינער האט ניט בעמערקט, ווי ער און באק זענען ארוים אין גארטען. באק האט געמיינט, אז דאס איז גלאט אזוי א שפאציערגאנג. ווען זיי זענען צוגעגאנגען צו דער קליינער אייזענבאהן־סטאנציע, וואס האט געטראגען דעם נאמען קאללעדזש פארק, האבען זיי קיינעם ניט געטראפען, נאר איין איינציגען מאן. דער מאן האט גערעדט צו מאנועל׳ן, און געלד האט געקלימפערט צווישען זיי.

— מעגסט איינוויקלען די סחורה איידער דו גיסט זי אב, —

האט דער פרעמדער געזאגט מיט א בייזער שטימע, און מאנועל האט צונויפגעלעגט א גראבען שטריק אין צווייען און האט איהם ארומ־געוויקעלט ארום באק׳ס האלז, אונטער דעם האלז־באנד.

— גיב נאר א ציה, ווען דאס איהם ווארגען ווי ס׳געהער צו זיין, — האט מאנועל געזאגט, און דער פרעמדער האט א ווארטשע געטהאן, ווי איינער רעדט: איך ווייס אהן דיר.

באק האט זיך פערהאלטען צום שטריק מיט רוהיגער ווירדע. אמת, דאס איז געווען א אומגעוועהנליכע זאך, אבער ער האט גע־וואוסט, אז בעקאנטע מענשען מעג ער טרויען און אז זיי ווייסען א סך זאכען וואס ער קען ניט בעגרייפען. ווען די עקען פון׳ם שטריק זענען אבער איבערגעגאנגען אינ׳ם פרעמדענ׳ס האנד, האט ער גע־געבען א דראהענדען ברום. ער האט פשוט געלאזט וויסען, אז ער איז אומצופריעדען, ווייל אין זיין שטאלץ האט ער געגלויבט, אז לאזען וויסען הייסט בעפעהלען. אבער צו זיין איבערראשונג האט דער שטריק זיך ערגער פערצויגען ארום זיין האלז און ס׳האט איהם פערכאפט דעם אטהעם. אין אנגעצונדענער האט ער זיך א ווארף געטהאן צום אומבעקאנטען, אבער יענער האט איהם ניט צוגעלאזט: ער האט איהם פעסט אנגעכאפט ביי׳ם גארגעל מיט א פלינקען דרעה איהם איבערגעקעהרט אויפ׳ן רוקען. דאן האט דער שטריק זיך פערצויגען גאר אומדערבארעמדיג. באק האט געקעמפפט אין ווילדען צארען, זיין צונג איז ארויסגעהאנגען פון זיין מויל, און זיין שטארקע ברוסט האט זיך געהויבען און געפאלען. זיינט ער לעבט האט מען איהם ניט בעהאנדעלט אזוי נידערטרעכטיג, און זינט ער לעבט איז ער ניט געווען אזוי בייז. אבער זיינע כחות האבען זיך געעקט, די אויגען זענען געווארען ווי גלעזערנע, און ער האט שוין ניט געהערט און ניט געזעהן גאר ניט, ווען מ׳האט געגעבען דעם צוג א סיגנאל זיך אבצושטעלען און צוויי מענער האבען איהם אריינגעווארפען אין פראכט־וואגאן.

ווען ער איז געקומען צו זיך, האט ער ווי דורך א נעבעל גע־פיהלט, אז די צונג טהוט איהם וועה און אז ער טרייסעלט זיך עפעס אין א מין וואגען. דער הייזעריגער פייף פון א לאקאמאטיו

ביי'ם אריבערפאהרען א שאססיי האט איהם געגעבען צו וויסען, וואו ער געפינט זיך. אויף זיין לעבען איז איהם עטליכע מאל אויס־געקומען צו רייזען מיט'ן ריכטער, און ער האט געוואוסט דעם איינדרוק פון א פראכט־וואגאן. ער האט געעפענט זיינע אויגען, און אין זיי האט אויפגעפלאמט דער צארען פון א געפאנגענעם קע־ניג. דער מאן האט זיך א ווארף געטהאן צו זיין גארגעל, אבער באק איז געוועזן פלינקער. זיין קין־באקען האבען זיך צונויפגע־קלאמערט ארום דעם פרעמדען'ס האנד און זיך ניט געעפענט, ביז יענער האט ווידער פערצויגען דעם שטריק ארום זיין האלז, און באק האט אנגעווארען די חושים.

— יא, ער ווערט ווילד צייטענווייז, — האט דער מאן גע־זאגט, בעהאלטענדיג זיין צוקאליעטשעטע האנד, כדי דער פראכט־מייסטער זאל זי ניט זעהען. — דאס שיקט מיך דער בעל־הבית איך זאל איהם אבפיהרען קיין סאן־פראנציסקא. א בריה א הינטישער דאקטאר זאגט, אז ער וועט פון איהם מאכען א לייט.

פארטאג איז דער מאן געזעסען אין א קליינעם שטאלכעל הינ־טער א שענק אין סאן פראנציסקא, ניט ווייט פון האפען, און גע־רעדט וועגען זיין רייזע פון דער לעצטער נאכט.

— סך הכל גיט מען מיר פופציג דאלארעס פאר דער גאנצער־אר־בייט, — האט ער געווארטשעט. — איך וועל עס ניט טהאן א צוויי־טען מאל פאר טויזענט, כאטש לעג זיי אוועק פאר מיר בלאנק־מזומן.

זיין האנד איז געוועזן איינגעוויקעלט אין א פערבלוטיגטען נאז־טיכעל, און דער רעכטער פלודער איז געוועזן אויפגעריסען פון דער קניה ביז אראב.

— וויפיעל האט דער אנדערער חברה־מאן בעקומען? — האט דער שענקער געפרעגט.

— א מאה, — האט יענער געענטפערט, — ניט געוואלט א גראשען ווייניגער, כאטש בראק איהם.

— דאס הייסט ארום און ארום הונדערט מיט פופציג, — האט דער שענקער בערעכענט. — און איך זאג דיר, ער איז ווערטה, ווי דו זעהסט מיך לעבען.




„גלייך דעם מאַן אין פּנים אַריין האָט ער אַ שליידער געטאָן זיינע
הונדערט און פערציג פונט ווילדע רציחה“.

סוף כל סוף האָט איהם דער שענקער געלאָזט צורוה, און אינ־
דערפריה זענען אריינגעקומען פיער פּאַרשוין און האָבען אונטער־
געהויבען די שטייג. נייע פיינינגער, — האָט באַק געטראַכט, וואָ־
רים זיי האָבען אויסגעזעהן זעהר געמיין, — צושויבערטע, ניט
געקעמטע, צעבּראַסטעטע ברואים. באַק האָט געשטורעמט און
געוואָרפען זיך צו זיי דורך די גראַטעס. יענע האָבען נאָר געלאַכט
און געשטופּט איהם שטעקלעך אין שטייג אריין, און ער האָט זיי
געביסען מיט די צייהן, ביז ער האָט ניט איינגעזעהן, אז דאָס ווי־
לען זיי טאַקע פון איהם. האָט ער זיך אַ כמורנער אוועקגעלעגט
און געשוויגען די גאַנצע צייט, בשעת מ'האָט אריינגעשטעלט זיין
שטייג אין אַ וואַגען. מיט דער שטייג איז ער דורכגעגאַנגען פער־
שיעדענע הענט. אַנגעשטעלטע אין אַן עקספּרעס־ביוראָ האָבען
איהם איבערגענומען; דאָן האָט מען איהם פערשריבען און אריינ־
געשטעלט אין אַן אַנדער וואַגאָן. אַן אויטאָמאָביל האָט איהם גע־
פיהרט, צוזאַמען מיט אַ סך פערשיעדענע קעסטלעך און פּאַקעטען,
צו אַ דאַמפּף־פּאָראָם; פון דאָרטען האָט מען איהם אין אַן אַנ־
דער אויטאָמאָביל איבערגעפיהרט אין אַן אייזענבאַהן־דעפּאָ, ענד־
ליך האָט מען איהם אריינגעשטעלט אין אַן עקספּרעס־וואַגאָן.

צוויי טעג און צוויי נעכט האָט דער עקספּרעס־וואַגאָן זיך
געשלעפּט הינטער אַ קוויטשענדיגען לאָקאָמאָטיוו און צוויי טעג און
צוויי נעכט האָט באַק ניט געגעסען און ניט געטרונקען. אין זיין
כעס האָט ער לכתחילה בעגעגענט די עקספּרעס־לייט מיט אַ גע־
ברום, און זיי האָבען זיך איבער איהם געמאַכט לוסטיג. ווען ער
האָט זיך געוואָרפען צו די גראַטעס, געציטערט פאַר כעס און גע־
שוימט, האָבען זיי געלאַכט און איהם גערייצט. זיי האָבען געברומט
און געבילט, ווי נאַרישע הינד, געמיאוקעט, געפּאַטשט מיט די הענד
און געקרעהט. דאָס איז געווען לעכערליך, ער האָט דאָס זעהר גוט
פערשטאַנען, אָבער טאַקי דעריבער האָט דאָס נאָך מעהר בעליידיגט
זיין ווירדע, און זיין כעס איז געוואַקסען און געוואַקסען. דער הונ־
גער האָט איהם ניט אַזוי געאַרט ווי דורשט, וועלכע האָט איהם
פערשאַפט אונערטרעגליכע פּיין און פּאַנאַנדערגעלאָזען זיין צאָרן.

א שטאַלצע בעשעפעניש מיט א פיינער עמפּפינדליכקייט, איז ער צוליעב דער שלעכטער בעהאַנדלונג געוואָרען באמת פיעבער־קראַנק, און דאָס פיעבער איז נאָך געוואַקסען צוליעב דער ענטצינדונג פון זיינע צובייזלטע, געשוואָלענע האַלז און צונג.

איין זאַך האָט איהם געפּרעהט: דער האַלז איז איצט געווען פריי פונ׳ם שטריק. דער שטריק האָט זיי געגעבען א בעזונדערע מאַכט, וואָס דאָס איז ניט געווען על פּי יושר. איצט אָבער, אז דער שטריק איז ניטאָ, וועט ער זיי ווייזען. קיינמאָל וועלען זיי איהם ניט אַנטהאָן קיין נייעם שטריק אויפ׳ן האַלז. דאָס ווייסט ער געוויס. צוויי טעג און צוויי נעכט האָט ער ניט געגעסען און ניט געטרונקען, און אין די צוויי טעג און צוויי נעכט פון פּיין האָט ער אָנגעזאַמעלט אין זיך אַזוי פיעל ווילדען כעס, אז מ׳האָט ניט גע־דאַרפט מקנא זיין דעם מענשען, וואָס וועט זיך דער ערשטער טרע־פען אין זיין וועג. זיינע אויגען זיינען געוואָרען פערלאָפען מטי בלוט און ער האָט זיך פערוואַנדעלט אין א וואַוטיגען טייוועל. ער האָט זיך אַזוי געענדערט, אז דער ריכטער אַליין וואָלט איהם ניט דער־קאַנט; און די עקספּרעסלייט האָבען גרינגער אָבגעאָטעמט, ווען זיי האָבען איהם אַרויסגעשלעפּט פונ׳ם צוג אין סיאַטעל.

פיער מענער האָבען בעהוטזאַם אַריבערגעטראָגען די שטייג אין קליינעם הינטער־הויף מיט הויכע ווענד אַרום און אַרום. א דיקער מאַן אין א רויטען סוועטער, וואָס האָט זיך געלעגט אין בּרייטע פאַלדען אַרום זיין האַלז, איז אַרויסגעקומען און זיך אונטערגעשריבען אינ׳ם אַנטרייבער׳ס בוך. דאָס איז דער נעקסטער פּייניגער, האָט באַק געטראַכט, און ער האָט זיך וואַהנזיניג א שליידער געטהאָן צו די גראַטעס. דער מאַן האָט געשמייכעלט מיט א פינסטערן שמייכעל און געבראַכט א העקעל און א קורצען שטעקען.

— איהר מיינט דאָך ניט איהם אַרויסלאָזען אָט איצט א? — האָט דער אַנטרייבער געפרעגט.

— אוודאי, — האָט דער מאַן געענטפערט, און אַריינגעשטעקט דאָס העקעל אין א גראַטע, כדי צו האָבען א שטיץ־פּונקט.

די פיער מענער, וואָס האָבען געבראַכט די שטייג, האָבען זיך

אין איין רגע פאנאדערגעשאסטען איבער׳ן הויף, ארויפגעקלעטערט אויף די ווענד, און פון די זיכערע פלעצער אין דער הויך האבען זיי געקוקט אראב, וואס דא וועט זיך טהאן.

באק האט זיך א לאז געטהאן צום צושפאלטענעם האלץ, אריינגעשטעקט דערין זיינע צייהן, געהויבען זיך און געשטופט. די האק האט געהאקט פון אויסוועניג, ער האט געארבייט מעשים פון אינווענינ, געווארטשעט און געברומט, געריסען זיך מיט אלע כחות ארויסצוגעהן, בשעת יענער אינ׳ם רויטען סוועטער האט רוהיג געארבייט צו עפענען די שטייג און איהם ארויסלאזען.

— נו, דו שד מיט רויטע אויגען, — האט ער געזאגט, ווען ער האט געמאכט א גענוג גרויסען לאך אז דעם הונד׳ס קערפער זאל קענען דורכגעהן. בשעת מעשה האט ער אוועקגעלעגט די האק און גענומען דעם שטעקען אין דער רעכטער האנד.

און באק איז באמת געווען א שד מיט רויטע אויגען, ווען ער איז אזוי געשטאנען, גרייט פאר׳ן שפרונג, די האר אויפגעשטעלט, דאס מויל איינגעטונקט אין שוים, א וואהנזיניגער גלאנץ אין די רויטע, מיט בלוט פערלאפענע אויגען. גלייך דעם מאן אין פנים אריין האט ער א שליידער געטהאן זיינע הונדערט און פערציג פונט ווילדע רציחה, אנגעברענט מיט דער איינגעהאלטענער ליידענשאפט פון צוויי טעג און צוויי נעכט פיין. אינמיטען וועג, פונקט אין דעם מאמענט, ווען ער האט געהאלטען אין צונויפפרעסען זיינע צייהן אינ׳ם מאנ׳ס פלייש, האט ער דערפיהלט א שטויס, וואס האט פערהאלטען די בעוועגונג פון זיין קערפער און געצוואונגען זיינע קוהנבאקען זיך צוזאמענשליסען מיט א קנאק. ער האט זיך איבערגעקוליעט, בעריהרט די ערד מיט זיין רוקען און זייט. זינט ער לעבט האט איהם קיינער ניט געשלאגען מיט קיין שטעקען, און ער האט ניט פערשטאנען, וואס דאס איז. מיט א ברום, וואס איז געווען א האלבער ביל און א האלבער קוויטש, האט ער זיך ווידער געשטעלט אויף די פיס און א שפרונג געטהאן אין דער לופטען. און ווידער האט ער בעקומען דעם שטויס און איז הילפלאז געפאלען צו דער ערד. איצט האט ער שוין געוואוסט, אז דאס איז



„און הינטער'ן פייער... האָט באָק געזעהען א סך גליהעמדע קויהלען, כסדר צו דער פּאָר, צו צוויי און צוויי".

דער גראבער שטעקען, אבער זיין רציחה האט ניט געוואוסט פון פארזיכט. ווידער און ווידער האט ער זיך געווארפען אויפ'ן מאן, און יעדעס מאל האט דער שטעקען איבערגעריסען דעם שפרונג, און איהם געשליידערט צו דער ערד מיט געוואלדיגער קראפט.

נאך א מאדנע שארפען קלאפ האט ער זיך קוים מיט צרות אויפגעהויבען און האט שוין ניט געהאט קיין כח צו שפרינגען. ער האט זיך לאנגזאם געוואקעלט אהין און אהער; דאס בלוט האט איהם גערונען פון דער נאז, פון די אויערען, פון'ם מויל; זיין שענער פעלץ איז געווען ערטערווייז אויסגעפליקט און בעדעקט מיט א בלוטיגען שפייעכץ. דער מאן איז צוגעגאנגען און מיט א כיון איהם געגעבען א נייעם שרעקליכען קנאק איבער דער נאז. די גאנצע פיין, וואס ער האט אויסגעשטאנען ביז אהער, איז געווען גארניט אנט־קעגען דעם ראפינירטען וועהטאג פון דעם איצטיגען קלאפ. מיט א געברילל וואס איז געווען כמעט אזוי פורכטבאר ווי דער געשריי פון א לייב, האט ער זיך ווידער א ווארף געטהאן צום מאן. אבער יענער האט אריבערגעלעגט דעם שטעקען פון דער רעכטער אין דער לינקער לאנד, קאלטבלוטיג איהם אנגענומען ביי דעם אונטערשטען קינבאק און געדרעהט זי אן א זייט און אראב. באק האט דורכגעמאכט א פולען קרייז אין דער לופט, דאן א האלבען קרייז, דאן האט ער זיך א טראך געגעבען אין דער ערד, איבער'ן קאפ און ברוסט

דאס לעצטע מאל האט ער אונטערגעשפרונגען. דער מאן האט איהם געגעבען דעם געמיינסטען קלאפ, וואס ער האט נאר פערמאגט און וואס ער האט מיט א כיון געהאלטען צום לעצט. באק האט זיך צונויפגעדרעהט ווי א בייגעל און אומגעפאלען אויף דער ערד אהן זינען.

— דער חברה־מאן איז ניט קיין פעפער, ווען ס'קומט צו ברעכ־כען א הונד, — האט איין צושויער אויסגעשריען פון אויבען אין גרויס התפעלות.

— שויז בעסער האבען צו טהאן מיט פערדלאך אלע טאג, אפילו יום־טוב אויך — האט דער ארביימער געזאגט ארויפקרי־בענדיג אויפ'ן וואגען. באלד איז ער ארויסגעפאהרען פונ'ם הויף.

באק האט צוריק בעקומען זיינע חושים, אבער ניט זיין כח. ער איז געלעגען דארט וואו ער איז אומגעפאלען, און ניט אראב־געלאזט קיין אויג פון דעם מאן אין׳ם רויטען סוועטער.

— „זיין נאמען איז באק“, — האט דער מאן געזאגט צו זיך אליין, אריינקוקענדיג אינ׳ם שענקער׳ס בריעף, וואו יענער האט איהם געמעלדעט וועגען דער שטייג און וואס צו טהאן מיט איהר.
— אלזא, באק, מיין טייערער בחור, — האט ער געזאגט מיט א פריינדליכען טאן, — מיר האבען זיך אביסעל געאמפערט, איצט איז די בעסטע זאך — ניט מאכען קיין ווענען. זיי א גוטער הונד, וועט אלצדינג זיין גוט און דו וועסט וויסען פון א לעבען. זיי א שלעכ־טער הונד, וועל איך פון דיר ארויסשלאגען די קישקעלעך. פער־שטעהסט?

ריידענדיג די ווערטער, האט ער אהן מורא א גלעט געטהאן דעם קאפ, וואס ער האט אקארשט אזוי אום־ברחמנות׳דיג געשלאגען, און האטש באק׳ס האר האבען זיך ניט ווילענדיג אויפגעשטעלט ווען ער האט דערפיהלט די האנד, פונדעסטוועגען האט ער ניט פראטעסטירט. ווען דער מאן האט איהם געבראכט וואסער, האט ער זשעדנע געטרונקען; שפעטער האט ער אראבגעשלונגען א גוטע פארציע רויהע פלייש, וואס דער מאן האט איהם דערלאנגט פון זיין האנד, איין שטיק נאך דעם צווייטען.

ער איז געווען בעזיעגט, דאס האט ער געוואוסט, אבער ניט געבראכען. ער האט איינמאל פאר אלע מאל איינגעזעהן, אז גע־גען א מאן מיט א שטעקען איז ער מאכטלאז. ער האט בעצאהלט רבי־געלט, און די לעהרע וואס ער האט איצט בעקומען האט ער ניט פערגעסען ווייל ער האט געלעבט. דער שטעקען האט פאר איהם געעפענט א נייע וועלט. ער האט פאר איהם אויפגעדעקט די הערשאפט פון א פרימיטיווען געזעץ, און באק האט דאס גע־זעץ אויפגענומען און געפאלגט. דאס לעבען איז געווארען פיעל שטרענגער, אבער דעם מוט האט ער ניט אנגעווארען, און מיט דער גאנצער בעהאלטענער כיטרעקייט פון זיין כאראקטער האט ער זיך צוגעקוקט צו אלצדינג וואס ס׳טהוט זיך ארום איהם.

יעדען טאג זענען אנגעקומען נייע הינט. איייניגע אין שטיי־
גען, אנדערע אויף שטריק; איייניגע זענען געווען אונטערטהעניג
און געשוויגען, אנדערע האבען געברומט און געברענט אין צארן,
ווי ער: און ער האט געזעהן, אז אלע ווי איינער זענען זיי איבער־
געגאנגען אונטער דער הערשאפט פונ׳ם מאן אין רויטען סוועטער.
וואס מעהר ער האט בעאבאכטעט די ווילדע סצענעס, אלץ טיע־
פער האט זיך איינגעקריצט אין איהם די לעהרע: אז א מאן מיט
א שטעקען איז א געזעצגעבער, א הערשער, וואס מען מוז איהם
פאלגען, ווען אפילו מען גיט זיך אונטער. באק האט זיך קיינמאל
ניט אונטערגעגעבען, דערפון איז ער געווען ריין, אבוואהל ער האט
געזעהן געשלאגענע הינד וואס האבען זיך גע׳חנפ׳ט צום מאן, גע־
שאקעלט מיט׳ן ווײדעל, געלעקט זיינע הענד. ווידער איז געווען
איין הונד, וואס האט זיך ניט געוואלט אונטערגעבען און ניט גע־
וואלט פאלגען, איז דער קאמפף מיט איהם אנגעגאנגען אזוי לאנג,
ביז מ׳האט איהם געטויט.

פון צייט צו צייט זענען אנגעקומען פרעמדע מענשען, גערעדט
עפעס מיט אויפגערעגטע שטימען, ווי אונטערגעשמייכעלט זיך
צו דעם מאן מיט׳ן רויטען סוועטער. דאן פלעגט געלט איבער־
געהן פון האנד צו האנד, און די פרעמדע האבען גענומען איינעם
אדער עטליכע הינט און אוועק. באק האט זיך געוואונדערט, וואו־
הין זיי געהען, ווארום זיי זענען קיינמאל ניט געקומען צוריק. אבער
זיין פחד פאר דער צוקונפט איז געווען גרויס, און ער איז אלע
מאל געווען צופריעדען, וואס מ׳האט איהם געלאזט צורוה.

דאך איז געקומען זיין צייט אויך. ס׳האט זיך בעוויזען א ניי־
דעריגער מענשעל מיט אן איינגעשרומפענעם פנים. דאס מענשעל
האט גערעדט א געבראכען ענגליש, ווי ארויסגעשפיגען די ווערטער;
דערביי האט ער אלעמאל אויסגעשריגען עפעס אויף א מאדנעם אופן,
וואס באק האט ניט געקענט פערשטעהן.

— סאקרדאם! — האט ער אויסגערופען, ווען ער האט דער־
זעהן באק׳ן. — דאס איז שוין איינמאל א הונט, פון הונטען־לאנד,
הא? וויפיעל?

— דריי הונדערט און א מתנה דערצו. — האט שנעל אבגעע־ענטפערט דער מאן מיט'ן רויטען סוועטער. — און אזוי ווי דאס איז רעגיערונגס־געלט, וועט איהר זיך דאך ניט געהן דינגען, פער־ראלט, הא?

פעררא̇לט האט געשמייכעלט. ווערליג דעם יקרות אויף הינד צוליעב דעם טומעל מיט קלאנדייק, איז דריי הונדערט ניט געווען צופיעל פאר אזא גוטען עקזעמפלאר. די קאנאדישע רעגיערונג לעגט דא ניט צו, און די פאטשט איהרע וועט נאר געווינען, ווייל די בריעף וועלען געהן שנעלער. פעררא̇לט איז געווען א מבין אויף הינט, און ער האט געוואוסט, אז באק איז איינער צווישען טויזענד — „איינער צווישען צעהן טויזענד", — האט ער געזאגט צו זיך אליין.

באק האט געזעהן, ווי געלט איז איבערגעגאנגען פון האנד צו האנד, און ער האט זיך ניט געוואונדערט, ווען דער נידעריטשקער איינגעשרומפענער מאן האט מיטגענומען איהם און נאך איין הונד קוירלי, א פריינדליכען ניופאונדלענדער. דאס איז געווען דאס לעצטע מאל, וואס ער האט געזעהן דעם מאן מיט'ן רויטען סוועטער, און שטעהענדיג מיט קוירלי'ן אויפ'ן דעק פון דעם „נארוואהאל", וואס איז אבגעפאהרען פון סיאטעל, האט ער דאס לעצטע מאל געזעהן דאס ווארימע דרום־לאנד. ביידע, איהם און קוירלי'ן, האט מען ארונטערגענומען אונטען, און פעררא̇לט האט זיי איבערגע־געבען צו א ריעז מיט א שווארצען פנים, וואס האט געהייסען פראנסוא. פעררא̇לט איז געווען א קאנאדישער פראנצויז און דערצו א האלבער אינדיאנער — דאס הייסט צוויי מאל אזוי ברוין. באק האט קיינמאל אזוינע מענשען ניט געזעהן (עס איז איהם בעשערט געווען צו זעהן נאך א סך אנדערע מענשען). קיין בעזונ־דערע ליעבע האט ער צו זיין ניט געפיהלט, אבער פונדעסטוועגען האט ער פאר זיי געהאט דרך ארץ. ער האט באלד איינגעזעהן, אז זיי האבען געהאט יושר, געווען מיושב'דיג און אונפארטייאיש אין זייער משפט, און צו גוט געקענט הינט, אז הינט זאלען זיי קענען נארען.

אינ'ם צווישען־דעק פון דער „נאַרוואַהל“ האָבען באַק און קוירלי געפונען צוויי אַנדערע הינד. איינער איז געווען אַ גרויסער שניי־ ווייסער חברה־מאַן פון שפּיצבערגען. געבראַכט האָט איהם אַהער אַ קאַפּיטאַן פון אַ פישער־שיף. שפּעטער איז דער הונד געגאַנגען מיט אַ געאָלאָגישער עקספּעדיציע קיין צפון.

ער איז געווען פריינדליך, אָבער אַ גרויסער פעררעטער; ער האָט געקענט שמייכלען אַן אַנדערען אין פּנים אַריין, און טאַקי אין דער זעלביגער צייט טראַכטען וועגען אַ נידערטרעכטיגען שפּי־ צעל, ווי, אַשטייגער, ווען ער האָט צוגע'גנב'עט ביי באַק'ן דאָס פלייש ביי זייער ערשטע סעודה. באַק איז דעמאָלט אויפגעשפּרונגען צו געבען איהם אַ חלק, אָבער איידער ער האָט איהם דערגרייכט, האָט פראַנסואַ'ס בייטש אַ פייף געטהאָן אין דער לופטען און געטראָ־ פען דעם פערברעכער; באַק האָט שוין ניט געהאַט וואָס צו טהאָן, נאָר אָבנעהמען דעם ביין. דאָס איז געווען פיין פון פראַנסואַ'ס זייט, — האָט באַק בעשלאָסען, און ער האָט אַנגעהויבען בעקו־ מען דרך־ארץ פאַר דעם האַלבען נעגער.

דער צווייטער הונד האָט זיך געהאַלטען פון דער ווייטענס; ער האָט ניט געפּרופט גנב'ענען פלייש ביי די אַנגעקומענדע. גע־ ווען איז ער אַ בייזער, כמורנער נפש, וואָס האָט געגעבען קוירלי'ן צו פערשטעהן, אַז מען טאָר איהם ניט טשעפּען, און טאָמער טשע־ פּעט מען איהם, וועט מען האָבען צו זינגען און צו זאָגען. „דייווי“ איז געווען זיין נאָמען, און זיין גאַנצע עובדה איז געווען עסען און שלאָפען און געניצען צייטענווייז. קיין זאַך האָט איהם ניט אינטערעסירט, אפילו ווען די „נאַרוואַהל“ איז געפאָהרען איבער דעם ים־בוזים „קעניגין שאַרלאָטטע“ און האָט זיך געוואָרפען און גע־ שאָקעלט און געבויגען ווי מטורף. באַק און קוירלי זיינען דעמאָלט געוואָרען זעהר אויפגערעגט, האַלב ווילד פאַר שרעק, אָבער דייוו האָט נאָר אונצופריעדען אויפגעהויבען זיין קאָפּ, געוואָרפען אויף די הינד אַ נייגעריגען בליק, אַ געניץ געטהאָן און זיך ווידער געלעגט שלאָפען.

טאָג און נאַכט האָט די שיף געציטערט אין טאַקט צו דעם

אונערמיעדליכען קלאַפּען פון דער מאַשין, און אַבוואַהל יעדער טאַקט איז געווען פונקט אזוי ווי דער צווייטער, פונדעסטוועגען האט באַק געפיהלט, אַז דאַס וועטער ווערט אַלץ קעלטער. ענדליך איז געקומען אַ פריהמאָרגען, ווען די מאַשין האט זיך אָבגעשטעלט, און די „נארוואַהל" איז געווען פול מיט אַן אַטמאָספערע פון אויפ־רעגונג. באַק האט דאַס געפיהלט גלייך מיט די איבעריגע הינד, און האט געוואוסט, אַז ס'קומט אַן ענדערונג. פראַנסואַ האט זיי צוזאַמענגעבונדען און ארויסגעפיהרט אויפ'ן דעק. ווי נאָר באַק האט געשטעלט אַ פוס, האט ער אריינגעטראָטען אין עפּעס ווייסעס און ווייכס, ווי בלאָטע. ער איז צוריקגעשפרונגען מיט אַ ברום. דורך דער לופט איז געפלויגען דאַס זעלביגע ווייסע. ער האט זיך אַ טרייסעל געטהאָן, אָבער דאַס ווייסע איז געפאַלען אויף זיין רוקען. ער האט דאַס נייגעריג אַ שמעק געטהאָן, דאַן האט ער עס אַ לעק געטהאָן מיט'ן צונג. עס האט געביסען ווי פייער און באַלד איז דאַס ניט געבליבען. די זאַך האט איהם איבערראַשט. ער האט ווידער געפּרופט אַ לעק טהאָן, ווידער דאַס זעלבע. די צושויער האָבען הילכיג געלאַכט, און ער האט זיך פערשעהמט, אַליין ניט וויסענדיג פאַרוואָס. דאַס איז געווען זיין ערשטער שניי.



# דאָס געזעץ פון קלאַפּ און ביים

דער ערשטער טאָג וואָס באַק האָט פערבראַכט ביי דעם ברעג פון דיאַ, איז געווען ווי אַ בייזער חלום, יעדע שטונדע איז געווען פול מיט ערשיטערונג און איבעראַשונג. מיט איין קלאַפּ האָט מען איהם ארויסגעריסען פון דעם האַרץ פון ציוויליזאַציע און אריינגעשליידערט אינ'ם האַרץ פון אַ פּרימיטיווער וועלט. פערשוואונדען דאָס פוילע, זוניגע לעבען, אָהן זאָרג, אָהן שווערע אַרבייט. דאָס איז ניט געווען ניט קיין פריעדען, ניט קיין רוה, ניט קיין זיכערע מינוט. דאָ איז אַלעס געווען אויסגעמישט, פערפּלאָנטערט, פול מיט האַנדלונג, און יעדע רגע איז דאָס לעבען און דאָס געזונט געשטאַנען איז סכנה. מען האָט געמוזט זיין כסדר אויף דער וואַך, ווארים די היגע מענשען און די היגע הינד זיינען ניט געווען קיין שטאָדטישע מענשען און קיין שטאָדטישע הינד. זיי זיינען געווען ווילדע, אַלע ווילדע, און האָבען ניט געוואוסט קיין אַנדער געזעץ, ווי דאָס געזעץ פון קלאַפּ און ביים.

ער האָט קיינמאָל ניט געזעהן, אַז הינט זאָלען אזוי קעמפּפען ווי אָט די וואָלפישע בעשעפענישען, און זיין ערשטע ערפאהרונג האָט איהם געגעבען אַזאַ לעהרע, וואָס ער האָט זי קיינמאָל ניט פערגעסען. אמת, דאָס איז געווען ניט זיין פערזענליכע ערפאהרונג

אַניט וואָלט ער ניט געלעבט צו האָבען פון איהם א טובה. דער קרבן איז געווען קוירלי. זיי האָבען דעמאָלט גערוהט לעבען א הויפען געהילץ. קוירלי, ווי איהר שטייגער איז געווען, האָט זיך גענומען לאשטשען צו א פרעמדען הונט. יענער, אזוי גרויס ווי א וואָלף, אָבער פיעל קלענער פון קוירלי'ן, האָט איהר ניט געגעבען קיין שום וואָרנונג, נאָר ער האָט א שפּרונג געטהאָן, שנעל ווי א בליץ, ס'האָט זיך דערהערט א מעטאַלישער קלונג פון צייהן, נאָכדעם האָט ער א שפּרונג געטהאָן צוריק, פונקט אזוי שנעל ווי פריהער, און קוירלי'ס געזיכט איז שוין געווען אויפגעטרענט פון'ם אויג ביז צום קינבאַק.

דאָס איז געווען א וואָלפישע מעטאָדע פון קאַמפּף; א שפּרונג, א ביס, און א שפּרונג צוריק. אָבער דאָ איז נאָך געווען ערגערס. דרייסיג אָדער פערציג הינט זיינען זיך צונויפגעלאָפען פון אלע זייטען און ארומגערינגעלט די קעמפער אין א שווייגענדיגען אָנגעשטרענגטען קרייז. באַק האָט ניט פערשטאַנען די אָנשטרענגונג, דאָס שווייגען, ער האָט אויך ניט פערשטאַנען דעם אַפּעטיט, מיט וועלכען זיי האָבען זיך בעלעקט. קוירלי האָט זיך א וואַרף געטהאָן אויף איהר פיינד. יענער האָט ווידער א ביס געטהאָן און אָבגעשפּרונגען צוריק. איהר נעקסטען אַנפאַל האָט ער בעגעגענט מיט זיין ברוסט, אָבער אזוי אז זי איז געפאַלען פון די פיס. צוריק האָט זי זיך שוין ניט אויפגעשטעלט. די ארומיגע הינד האָבען נאָר געוואַרט אויף דעם מאָמענט. זיי האָבען זיך א לאָז געטהאָן צו איהר מיט א ברום און א בילען, און זי, סקאַוויוטשענדיג פאַר וועהטאָג, איז בעגראָבען געוואָרען אונטער דער מאסע פון האָריגע קערפּער.

דאָס אלעס איז געשעהן אזוי שנעל, אזוי אונערוואַרטעט, אז באַק איז געווען איבערראַשט. ער האָט געזעהן, ווי שפּיץ האָט ארויסגעשטעקט זיין רויטע צונג, אקוראַט ווי ער וואָלט געלאַכט. ער האָט געזעהן, אז פראַנסואַ, מיט א האַק אין האַנד, האָט זיך א וואַרף געטהאָן אין דעם מיש־מאַש פון קערפּערס. דריי מענער מיט

שטעקענס אין די הענד האבן געהאלפען פאנאנדערטרייבען די הינד. דאס האט לאנג ניט געדויערט. צוויי מינוט שפעטער איז דער לעצטער פון די אנפאלער געווען פעריאגט. אבער קוירלי איז שוין געלעגען שוואך, לעבלאז, אין דעם בלוטיגען צוטראטענעם שניי, כמעט צוריסען אויף שטיקער. איבער איהר איז געשטאנען דער טונקעלער פראנסוא און געשאטען ביטערע קללות. די דאזיגע סצענע האט זיך נאכדעם ניט איינמאל בעוויזען צו באק'ן אין זיינע חלומות און געשטערט זיין שלאף. אט דאס, הייסט עס, איז עס. קיין רחמנות. קיין יושר. ביזטו אומגעפאלען, איז אויס— וועסטו שוין ניט אויפשטעהן. גוט. ער וועט זעהן, אז ער זאל ניט פאלען. שפיץ האט ארויסגעשטעקט זיין צונג און ווידער געלאכט, און פון דעם מאמענט אן האט איהם באק געהאסט מיט א ביטערער, אונאויפהערליכער שנאה.

איידער ער האט זיך בערוהיגט פון דער ערשיטערונג צוליעב קוירלי'ס טראגישען טויט, איז געקומען א נייע. פראנסוא האט אויף איהם אנגעבונדען עפעס א קאמבינאציע פון רימענס און פעטליעס. דאס איז געווען א חאמוט, ווי ער האט געזעהן אין דער היים די קוטשערס פלעגען אנטהאן אויף די פערד. און ווי די פערד פלעגען ארבייטען אין דער היים, אזוי האט ער איצט געמוזט ארבייטען. ער האט געמוזט פיהרען פראנסוא'ן אויף א שליטען אין וואלד אריין, ביים ראנד פון טהאל, און צוריק זיך אומקעהרען מיט א משא האלץ צום הייצען. זיין שטאלץ איז געווען בעליידיגט פון אזא בעהאנדלונג, עס האט זיך איהם קיינמאל ניט פארגעשטעלט ער זאל ווערען א לאסט־טיער, אבער ער האט גענוג שכל ניט צו פראטעסטירען. ער האט געשלעפט מיט חשק, און זיך געסטארעט וויפיעל ער האט געקענט, הגם אלצדינג איז געווען ניי און אונגעוועהנליך. פראנסוא איז געווען שטרענג, פערלאנגט מאמענטאלען געהארכזאם און דורך זיין לאנגער בייטש טאקע בעקומען מאמענטאלע געהארכזאם. דייוו, אן ערפאהרענער שליטענציהער, האט פון זיין זייט איהם ניט געלאזט רוהען: אלע מאל, ווען באק האט געמאכט א טעות, האט ער איהם געביסען אין הינטען.

שפּיץ, דער פיהרער, האָט אויך געהאט ערפאהרונג. בייסען באָק'ן האָט ער ניט שטענדיג געקענט, אָבער פון צייט צו צייט פלעגט ער וואָרטשען מיט פּאָרוואורף, אַניט פלעגט ער אזוי באַלאַנסירען דאָס געוויכט פון זיין קערפּער אין די לייצעס, אז באָק האָט געמוזט טהאָן דאָס וואָס ס'איז נויטיג. באָק איז געווען אַ גוטער שילער, און אונטער דער פעראייניגטער אָנפיהרונג פון זיינע צוויי חברים און פּראַנסואַ האָט ער געמאכט אַ מערקווירדיגען ערפאָלג. נאָך איידער זיי האָבען זיך אומגעקעהרט אין לאגער האָט ער געוואוסט, אז ער דאַרף זיך אָבשטעלען, ווען מען זאָגט „האָ", און געהן, ווען מען זאָגט „מאָש", אז ער דאַרף מאַכען אַ ברייטען קרייז דאָרט וואו דער וועג פערקירעוועט זיך, און זיך האַלטען אָבגעשיידט פון דעם הינטערשטען הונד ווען זיי פאָהרען בארג אראָב און דער שליטען יאָגט זיך נאָך זיי.

— דריי זעהר גוטע הינט, — האָט פּראַנסואַ געזאָגט צו פּער־ראָלט. — דער באָק שלעפּט ווי אַ שד. איך וועל איהם אויסלער־נען אין אַ מינוט.

דעם זעלביגען טאָג, נאָכמיטאָג, האָט פּעררּאָלט זיך אומגע־קעהרט מיט צוויי אַנדערע הינט. פּעררּאָלט האָט קיין צייט ניט געהאט, געוואָלט וואָס גיכער זיך לאָזען אין וועג מיט זיינע דע־פּעשען. די נייע הינד האָבען געהייסען „בילליי" און „דזשאָו"; זיי זיינען געווען צוויי ברידער, און ביידע שטאַרקע חיות. אָבער חאָטש זיי זיינען געווען פון איין מוטער, זיינען זיי דאָך געווען פערשיעדען ווי טאָג און נאכט. בילליי'ס איינציגער חסרון איז גע־ווען זיין גוטסקייט, בשעת דזשאָו איז געווען בייז און פינסטער, מיט אַ שטענדיגען וואָרטשע אין מויל און מיט אַ נידערטרעכטיגען קוק אין די אויגען. באָק האָט זיי אויפגענומען פריינדליך, דייוו האָט זיך געמאכט ווי ער זעהט זיי ניט, און שפּיץ האָט זיך גענומען רע־בענען פריהער מיט איינעם, נאָכדעם מיט'ן צווייטען. בילליי האָט לכתחילה פריינדליך געשאָקעלט מיט זיין עק; נאָכדעם, ווען ער האָט דערזעהן, אז זיין פריינדליכקייט העלפט ניט, האָט ער זיך געלאָזט לויפען; ווען שפּיץ'ס שאַרפע ציינער האָבען איהם צוקארבט

זיין דיך, האָט ער געקאוויוטעשעט, אַבער אַלץ נאָך פריעדליך. מיט דזשאָו׳ן איז געווען אַנדערש. ווי אַזוי שפּיץ האָט זיך ניט געמיהט, האָט זיך יענער אַלץ געדרעהט אויף די הינטערשטע פיס, אַזוי אַז ער זאָל איהם בעגעגענען פּנים אל פּנים; די האָהר פון זיין האַלז זיינען געשטאַנען דובאָם, די אויערען פערלעגט אויף הינטען, די ליפּען אויסגעקרימט, די קינבאַקען געקנאַקט אַזוי שנעל, ווי ער האָט זיי נאָר געקענט שליסען, די אויגען זיינען געווען פול מיט אַ טייוועלשען גלאַנץ, פונ׳ם מויל האָט זיך כסדר געריסען אַ ברום — דער גאַנצער הונט איז געווען אַ בילד פון שרעק, וואָס איז גרייט צו קעמפּפען געגען שונא. ער האָט אויסגעזעהן אַזוי שרעקליך, אַז שפּיץ האָט אויפגעגעבען דעם פּלאַן איהם אַנצופאַלען, און כדי צו פערשטעלען זיין מפּלה, האָט ער זיך אַן איבעריג מאָל געוואָרפען אויף דעם פריעדליכען וויינענדיגען בילי, און איהם פערטריבען צום גרעניץ פון דעם לאַגער.

אַבענד־צייט האָט פעראָלט ערגעץ בעקומען אַן אַנדער הונט, אַן אַלטען, לאַנגען, מאָגערען, אַדערדיגען נפש, מיט אַ פּנים צוקיילט אין מלחמות און מיט איין איינציג אויג, וואָס האָט געגלאַנצט מיט אַזוי פיעל איינגעשפּאַרטע קראַפט, אַז מ׳האָט געמוזט האָבען רעספּעקט פאַר איהם. זיין נאָמען איז געווען סאָל־לעקס, וואָס מיינט „דער בייזער“. ער, ווי דייוו, האָט גאָרנישט פערלאַנגט, גאָרנישט געגעבען, גאָרנישט ערוואַרטעט, און ווען ער האָט לאַנגזאַם און רוהיג אַריינגעמאַרשירט צווישען דער קאָמפּאַניע הינט, האָט איהם אַפילו שפּיץ געלאָזט צורוה. ער האָט נאָר געהאַט איין מאָדנע טבע, וואָס באַק האָט זי אומגעריכטערהייט ענטדעקט. ער האָט ניט ליעב געהאַט מען זאָל צו איהם צוגעהן פון דער בלינדער זייט. באַק האָט פריהער ניט געוואוסט דערפון, און ווען ער איז אומגערן בעגאַנגען דאָס פערברעכען, האָט סאָל־לעקס זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף איהם און איהם אויפגעטרענט דעם אַקסעל ביז׳ן ביין, דריי אינטשעס אַראָב און אַרויף. באַק האָט זיך שוין נאָכדעם כסדר געהיט פאַר זיין בלינדער זייט, און די גאַנצע צייט, וואָס זיי האָבען געלעבט צו־זאַמען, איז צווישען זיי ניט געווען קיין צוזאַמענשטויס. פון ער־

שטען בליק האָט אויסגעזעהן. אז אי ער, אי דייוו האָבען געהאַט נאָר איין פערלאַנג: מען זאָל זיי לאָזען צורוה; אָבער שפּעטער איז באַק געוואָהר געוואָרען, אז יעדערער פון זיי האָט געהאַט אן אַנ־דערע, פיעל וויכטיגערע אַמביציע.

יענע נאַכט איז פאַר באַק'ן געשטאַנען די גרויסע פראַגע פון שלאָפען. דאָס געצעלט, בעלויכטען מיט אַ ליכטעל, האָט ווארים געשיינט אינמיטען דער ווייסער מדבר; אָבער ווען באַק איז אריינ־געגאַנגען אינוועניג, ווי צו זיך אַהיים, האָבען פּערראָלט און פראַנ־סוּאַ איהם באָמבאַרדירט מיט קללות און קיך־געשיר אזוי לאַנג, ביז ער איז אינגאַנצען ביי זיך אראָבגעפאַלען. ווען ער איז געקוי־מען צו זיך, איז ער בחרפּה אַנטלאָפען אינדרויסען, אין דער קאַל־טער לופט. ס'האָט געבלאָזען אַ קיהל ווינטעל, וואָס האָט שאַרף געשטאָכען און מיט אַ בעזונדער גיפטיגקייט געביסען זיין פער־וואונדעטען אַקסעל. ער האָט זיך אוועקגעלעגט אויפן שניי און גע־פּרופט שלאָפען, אָבער דער פראָסט האָט איהם באַלד אויפגעוועקט. ער האָט געציטערט מיט אַלע אברים. אַ דערשלאָגענער און אַ בעטריבטער האָט ער ארומגעוואַנדערט צווישען די פיעלע געצעל־טען, און וואו ער האָט זיך געפּרופט צוטוליען, איז אַליץ געווען אומדערבאַרעמדיג קאַלט. פון צייט צו צייט האָבען ווילדע הינט זיך געוואָרפען אויף איהם, אָבער ער האָט אויפגעשטעלט די האָר פון זיין האַלז און ארויסגעלאָזט אַ ברום (ער האָט שנעל איבער־גענומען וואָס מען דאַרף טהאָן), האָבען זיי איהם געלאָזט צורוה.

ענדליך איז איהם איינגעפאַלען אַ געדאַנק. ער וועט זיך אומ־קעהרען און זעהן, וואָס ס'טהוען זיינע חברים. צו זיין ערשטוי־נונג האָט ער אויסגעפונען, אז זיי זיינען פערשוואונדען. ווידער אַמאָל האָט ער זיך געלאָזט וואַנדערען איבער'ן גרויסען לאַגער, זוכענדיג, אפשר וועט ער זיי געפינען, און ווידער האָט ער זיך אומגעקעהרט צו פּעררלאָט'ס און פראַנסואַ'ס געצעלט. זיינען זיי אפשר אינוועניג? דאָס קען דאָך ניט זיין, אניט וואָלט מען איהם ניט ארויסגעטריבען. וואו־זשע דען זיינען זיי? מיט אַן אראָבגע־לאָזען עק און אַ ציטערדיגען קערפּער, אַן אומעטיגער און צוטראַ־

גענער, האט ער זיך ארומגעדרעהט גלאט אזוי ארום געצעלט. פלוצלונג איז דער שניי איינגעפאלען אונטער זיינע פאדערשטע פיס, און ער האט גענומען זינקען. עפעס האט זיך גריהרט אונטען. ער איז אבגעשפרונגען, מיט א ברום און א שטייפען קערפער, פול מיט שרעק פאר דעם אונגעזעהענעם און אומבעקאנטען. אבער א פריינדליכער קורצער ביל האט איהם בעוויזען, אז ס'איז ניטא קיין געפאהר, און ער האט זיך אוועקגעלאזט אונטערזוכען. א הויך פון ווארימע לופט האט בעריהרט זיינע נאזלעכער. אונטען, איינגעדרעהט אונטער'ן שניי אין א ווארימען קנויל, איז געלעגען בילי. יענער האט פריינדליך געקאוויטשעט, זיך געדרעהט און געוויקעלט, כדי צו ווייזען, אז ער האט ניט קיין שלעכטע מחשבות. ער האט זאגאר געפרופט א לעק טהאן באק'ס פנים מיט זיין ווארימער פייכטער צונג — א סימן פון פריעדען.

אלזא, א נייע לעקציע. אט אזוי, הייסט עס, האבען זיי דאס געטהאן! באק האט זיך רוהיג אויסגעקליבען א פלאץ; מיט גרויס פינקטליכקייט און מיט צופיעל ענערגיע האט ער זיך גענומען גראבען א לאך. אין א קורצע צייט האט די היץ פון זיין קערפער אנגעפילט דעם בעגרענעצטען חלל, און ער איז אנטשלאפען געווארען דער טאג איז געווען א לאנגער און א טהעטיגער, און ער איז געשלאפען רוהיג און בעקוועם, אבוואהל ער האט געברומט און געבילען פון צייט צו צייט און געזעהן שלעכטע חלומות.

ער האט ניט אויפגעעפענט זיינע אויגען ביז ס'האט איהם אויפגעוועקט דאס גערויש פון דעם אויפוואכענדען לאגער. פון אנפאנג האט ער ניט געוואוסט, וואו ער איז. ביינאכט איז געגאנגען א שניי, און ער איז איצט געווען טיעף בעגראבען. די ווענט פון שניי האבען געדריקט אויף איהם פון אלע זייטען, און א גרויסע כוואליע פון פחד האט איהם דורכגענומען דורך און דורך — דער פחד פון הער ווילדער בעשעפעניש פאר דער פאסטקע. דאס איז געווען א סימן, אז ער געהט צוריק דורך זיין אייגענע לעבען, צום לעבען פון זיינע פאטערס. ווארום אליין איז ער דאך געווען א ציוויליזירטער הונד, א צ ו פ י ע ל ציוויליזירטער הונד; אין זיין איי־

געגער ערפאהרונג האָט. ער קיינמאָל קיין פאַסטקע ניט געזעהן און האָט ניט געהאָט קיין גרונד פאַר איהר זיך צו שרעקען. די מוסקלען פון זיין גאַנצען קערפּער האָבען זיך אינסטינקטיוו צוזאַמענגעצוי־גען ווי אין קראַמפּף, די האָר אויף זיין האַלז און אַקסלען האָבען זיך אויפגעשטעלט, און מיט אַ געוואַלדיגען ברום האָט ער אַ שפּרונג געטהאָן אין דער הויך — גלייך אין העלען טאָג אריין. דער שניי ארום איהם איז געפלויגען ווי אַ בליציגער וואָלקען. איידער ער האָט זיך נאָך אַראָבגעלאָזט אויף זיינע פיס, האָט ער געזעהן דעם ווייסען לאַנגער אויסגעשפּרייט ארום, און ער האָט שוין געוואוסט, וואו ער איז, און האָט זיך דערמאָנט, וואָס ס׳האָט זיך מיט איהם געטראָפען זינט ער איז ארויס מיט מאַנועל׳ן שפּאַציערען און ביז ער האָט זיך נעכטען בייגאַכט אויסגעגראָבען אַ לאָך אין שניי.

פראַנסואַ האָט איהם בעגריסט מיט אַ פרעהליכען אויסגעשריי: „הא, וואָס האָב איך געזאָגט?“ — האָט דער הינט־טרייבער זיך געווענדעט צו פּעררלאָט׳ן. — „דער באַק איז אַ חריף, אויף מיין וואָרט! ער לערנט זיך, אַז ס׳אַ מחיה!“

פּעררלאָט האָט ערנסט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. אלס קוריער פון דער קאַנאַדישער רעגיערונג, מיט וויכטיגע דעפּעשען אין די הענד, האָט ער געוואָלט האָבען די בעסטע הינט, און ס׳האָט איהם בעזונדערס הנאה געטהאָן וואָס ער האָט געקראָגען באַק׳ן.

אין אַ שטונדע צייט האָט מען צוגעגעבען נאָך דריי הינט, אַזוי אַז ס׳איז געוואָרען ניין. און איידער ס׳איז אריבער נאָך אַ פערטעל שעה, זיינען זיי שוין אַלע געווען אין שפּאַן און געשלעפּט דעם שליטען אויפ׳ וועג צו דיאַ־טהאָל. באַק האָט זיך געפרעהט, וואָס ער פערלאָזט דעם פּלאַץ, און האָטש די ארבייט איז געווען שווער, האָט ער דאָך געפונען אַז זי איז איהם ניט אונאַנגענעהם. ער האָט זיך געוואונדערט, ווי לעבעדיג די גאַנצע קאָמפּאַניע הינד האָט זיך גע־נומען צו דער ארבייט; זייער ענערגיע האָט איהם אויך אַנגע־שטעקט. אָבער נאָך מערקווירדיגער איז געווען די ענדערונג אין דייוו׳ן און סאָל־לעקס. אין שפּאַן זיינען די דאָזיגע צוויי געווען גאָר נייע הינט, ניט צו דערקענען. זייער גלייכגילטיגקייט און אַפּאַטיע

איז פון זיי פערשוואונדען. זיי זיינען איצט געווען אויפגעלעגט און מונטער, געזעהן אז די ארבייט זאָל געטהאָן ווערען ווי ס׳געהער צו זיין. טאַמער האָט עפּעס געשטערט, אָן אָבהאַלט צו אַן אונ־אָרדנונג, זיינען זיי געוואָרען שרעקליך אויפגערעגט. די ארבייט אין די לייצעס איז געווען, קענטיג, דער העכסטער אויסדרוק פון זייער עקזיסטענץ; צוליעב דעם אַליין האָבען זיי געלעבט און נאָר דאָס האָט זיי פערשאַפט פערגעניגען.

דייוו איז געווען דער נעהענטסטער צום שליטען; נאָך איהם, פאַראויס, איז געגאַנגען באָק; נאָך באָק׳ן סאָל־לעקס. אַלע אי־בעריגע זיינען געווען אַנגעבונדען ווייטער, אין איין שנירעל, ביז צום ערשטען הונד, דעם פיהרער. די דאָזיגע בכבוד׳יגע שטעלע האָט פערנומען שפּיץ.

באָק׳ן האָט מען מיט אַ כיון אריינגעשטעלט צווישען דייוו׳ן און סאָל־לעקס, כדי זיי זאָלען איהם לערנען. באָק איז געווען אַ גוטער שילער, אָבער זיי זיינען געווען פּונקט אַזוינע גוטע לעהרער. קיינמאָל האָבען זיי איהם ניט געלאָזט האַנדלען פאַלש, און כסדר האָבען זיי איהם מיט זייערע שאַרפע צייהן געצוואונגען צו פאָל־גען זייער לעהרע. דייוו איז געווען אַ בעל־יושר און אַ קלוגער. ער האָט קיינמאָל ניט געשטויסען באָק׳ן אָהן אַ סבה, און ער האָט קיינמאָל ניט פערפעהלט צו שטויסען איהם, ווען ס׳איז געווען פאַר־וואָס. אזוי ווי פראַנסוא האָט אַלעמאָל געהאָלפען דייוו׳ן מיט דער בייטש, האָט באָק אינגיכען איינגעזעהן, אז ס׳לוינט זיך בעסער פעררריכטען דעם פעהלער, איידער בייסען צוריק. איינמאָל, ווען מ׳האָט זיך אָבגעשטעלט אויף אַ קורצע ווייַלע און ער האָט זיך פערפּלאָנטערט אין די רימענס און אָבגעשטעלט די גאַנצע קאָ־מאַנדע, האָבען דייוו און סאָל־לעקס זיך גענומען צו איהם און איהם גוט אריינגעלעגט. צוליעב דעם איז דער פּלאָנטער געוואָרען נאָך ערגער, אָבער באָק האָט זיך שוין נאָכדעם געהיט ער זאָל ניט אריינ־קריכען אין די רימענס. און איידער דער טאָג איז נאָך געווען צו ענד, האָט ער אזוי גוט געטהאָן זיין ארבייט, אז זיינע חברים האָ־בען איהם כמעט אויפגעהערט צו גריזשען. פראַנסוא׳ס בייטש האָט

זעלטענער געקנאקט, און פערראלט האט אפילו אנגעטהאן באק'ן א בעזונדערען כבוד: ער האט אונטערגעהויבען זיינע פיס און אויפמערקזאם בעטראכט איינעם נאכ'ן צווייטען.

די נסיעה איז געווען א שווערע, מיט'ן דיא־טהאל ארויף בארג, דורכ'ן שיפ קעמפ, פארביי די סקיילס און די ליניע פון געהילץ, איבער אייז־פעלדער און שנייען, עטליכע הונדערט פוס טיעף, און איבער דעם גרויסען טשילקוט, וועלכער טהיילט אב דאס געזאל־צענע וואסער פונ'ם זיסען און שטעהט ווי א שטרענגער, אומדער־בארעמדיגער שומר אויף דער וואך פונ'ם איינזאמען צפון. זיי זיי־נען געגאנגען שנעל געלאפען אראב, דורך דער קייט פון אזערעס, וואס פילען אן די קראטערס פון אויסגעלאשענע וואולקאנען, און שפעט אין אווענד זיינען זיי אנגעקומען אין דעם ריעזיגען לאגער ביי דער אזערע בעננעט., וואו טויזענדער גאלד־זוכער האבען געבויט שיפען צו לאזען זיי אויפ'ן וואסער, ווען דאס אייז וועט פלאצען אום פריה־לינג. באק האט זיך געמאכט א לאך אין שניי און געשלאפען מיט'ן שלאף פון א מיעדען עהרליכען הארעפאשניק, אבער צו פריה האט מען איהם ארויסגעטריבען אין דער קאלטער פינסטערניש און איינגעשפאנט מיט די חברים אין שליטען.

דעם ערשטען טאג זיינען זיי אבגעפאהרען פערציג מייל, ווייל דער וועג איז געווען איינגעריבען. אבער דעם צווייטען און א סך אנדערע טעג נאכדעם, האבען זיי אליין געמוזט דורכלעגען א וועג; די ארבייט איז געווען שווערער, די רייזע לאנגזאמער. געוועהנליך איז פערראלט געגאנגען פאראויס, געטרעטען דעם שניי מיט זיינע שליט־שיך און געמאכט דעם וועג גרינגער פאר די הינט. פראנסוא איז געגאנגען ביים שליטען, געהאלטען ריכטונג מיט דער הילף פון דעם שטאנג; אמאל פלעגט ער זיך בייטען מיט פערראלט'ן, אבער ניט אפט. פערראלט האט געוואלט מאכען די רייזע וואס שנעלער, און ער האט זיך בעריהמט, אז ער איז א גוטער קענער אויף אייז; אהן אט דער קענטעניש וואלט די רייזע געווען אונמעגליך, ווייל דער הערבסט־אייז איז נאך געווען זעהר דין, און דארט וואו דאס וואסער האט געפלאסען שנעל, האט דאס אייז זיך ניט געהאלטען.

א טאג נאך א טאג, אהן אן עק, אהן א סוף, האט באק געאר־בייט אין שפאן. זיי פלעגען זיך אבשטעלען אויף נאכט־לעגער, ווען ס'איז שוין געווען פינסטער, און אז דער גראהער פריהמארגען פלעגט זיך בעווייזען איבער דער מדבר, האבען זיי שוין געהאט עטליכע מייל הינטער זיך. כסדר פלעגען זיי זיך אבשטעלען ווען ס'איז שוין געווען נאכט, אבעסען זייער שטיקעל פיש און פער־קריכען אויף נאכט־לאגער אין שניי. באק'ס אפעטיט איז געווען אונגעהייער. די אנדערהאלבען פונט געטריקענטען לאקס, וואס מ'האט איהם געגעבען יעדען טאג, האט ניט געקלעקט אויף א צאהן. ס'איז איהם קיינמאל ניט געווען גענוג, און ער האט כסדר געלי־טען פון הונגער. ער האט זיך געפיהלט ערגער פון אלע אנדערע הינט: יענע האבען ניט געוואויגען אזוי פיעל, דערצו זיינען זיי געווען געבוירען צו אזא לעבען, און דאס פונט פיש, וואס מ'האט זיי געגעבען, האט זיי, קענטיג, מעהר בעפריעדיגט, ווי זיינע אנ־דערטהאלבען.

ער האט ניט אויפגעהערט צו זיין א מפונק. אין די גוטע יאה־רען האט ער ליעב געהאט צו עסען לאנגזאם און מיט ישוב הדעת; איצט אבער האט ער דערזעהן, אז ווען זיינע חברים ענדיגען פריי־הער, רייסען זיי ביי איהם אוים דעם ביסען. פערטהיידיגען זיך איז געווען אונמעגליך. דא האט ער געקעמפפט געגען צוויי אדער דריי, און דא איז זיין פארציע פערשוואונדען אין די העלזער פון די איבעריגע הינט. האט ער ניט געהאט קיין אנדער ברירה נאר עסען פונקט אזוי שנעל ווי זיי. זיין הונגער איז געווען אזוי גרויס, אז ער האט זיך אפילו ניט געשעהמט נעהמען פרעמדס. ער האט גע־קוקט און זיך געלערענט. ער האט באמערקט, אז פייק, איינער פון די נייע הינט, א גנב און אן אבנארער, האט געטשאטעוועט, ווען פערראלט האט זיך אויסגעקירעוועט מיט'ן רוקען, און האט ביי איהם צוגע'גנב'עט א רייפטעל חזיר־שמאלץ. אויף מארגען האט באק דאס נאכגעטהאן, נאר ער האט צוגענומען דעם גאנצען שטיק. ס'האט זיך אויפגעהויבען א גרויסער טומעל, אבער איהם האט מען ניט חושד געווען. פאר זיין פערברעכען האט מען שווער בעשטראפט

דאַב'ן, אַז אומגעלומפּערטען חברה־מאַן, וואָס אַלעמאָל פּלעגט מען איהם כאַפּען ביי אַ גנבה.

די דאָזיגע ערשטע גנבה איז געווען אַ בעוויז, אַז באַק וועט אויסהאַלטען אין דער פיינדליכער סביבה פון'ם קאַלטען צפון. דאָס איז געווען אַ בעוויז, אַז ער קען זיך צופּאַסען, זיך איינלעבען אין די נייע אומשטענדען, וואָס אָהן דעם וואָלט ער באַלד געשטאָרבען מיט אַ שרעקליכען טויט. דאָס איז געווען אַ בעוויז, אַז זיין מאָראַלישע נאַטור ווערט ביסלעכווייז צושוואַומען, זי ווערט פערניכטעט, ווייל זי וואָלט איהם געשטערט אינ'ם אומדערבאַרעמדיגען קאַמפּף פאַר'ן לעבען. מאָראַל איז געווען גוט אין דרום, אונטער'ן געזעץ פון ליעבע און פריינדשאַפט; דאָרט האָט געפּאַסט צו אכטען פּריוואַטע אייגענטהום און פערזענליכע געפיהלען. אָבער אין צפון, אונטער'ן געזעץ פון קלאַפּ און בייס, איז געווען נאַריש צו רעכענען זיך מיט אַזוינע זאַכען, און ווער ס'האָט דאָס געטהאָן, האָט ניט געקענט האָבען קיין ערפאָלג.

דאָס הייסט ניט, אַז באַק האָט דאָס אַלעס געטראַכט מיט קלאָרע געדאַנקען. ניין. ער האָט פּשוט געהאַט די נויטיגע פעהיגקייטען, און אונבעוואוסט האָט ער זיך צוגעפּאַסט צום נייעם לעבען. אַלע זיינע יאָהרען איז ער גרייט געווען צו קעמפּפען, ווי שטאַרק דער געגנער זאָל ניט זיין. אָבער דער מאַן מיט'ן רויטען סוועטער האָט אין איהם אריינגעקלאַפּט אַ מעהר פונדאַמענטאַלען, פּרימיטיווען געזעץ. אַלס ציוויליזירטער הונד וואָלט ער געקענט שטאַרבען פאַר אַ מאָראַלישען פּרינציפּ, לאָמיר זאָגען, פאַר ריכטער מילער'ס ביימשעל; איצט איז ער אַזוי ווייט אוועק פון ציוויליזאַציאָן, אַז ער האָט געקענט איבערטרעטען אַ מאָראַלישען פּרינציפּ כדי צו ראַטעווען זיין פעל. ער האָט ניט גע'גנב'עט אויס פערגעניגען, ווייל דער מאָגען האָט געשריגען קולות. ער האָט ניט גערויבט אָפען, נאָר גע'גנב'עט שטיל און קלוג, אויס אכטונג פאַר דעם געזעץ פון קלאַפּ און בייס. מיט איין וואָרט: וואָס ער האָט געטהאָן, האָט ער געטהאָן, ווייל דאָס איז געווען גרינגער איידער ניט־טהאָן.

זיין ענטוויקלונג — אדער צוריקגאנג — איז פארגעקומען שנעל. זיינע מוסקלען זיינען געווארען הארט ווי אייזען, און ער איז געווארען גלייכגילטיג צום געוועהנליכען פיזישען שמערץ. ער האט ערווארבען אן אויסוועניגסטע און איננוועניגסטע עקאנאמיע. ער האט געקענט עסען אלעס, אפילו דאס העסליכסטע, אפילו דאס וואס ס'איז געווען אונמעגליך איבערצוקאכען. האט ער דאס שוין אויפגעגעסען, האט זיין מאגען־זאפט דערפון ארויסגעצויגען דאס לעצטע פיצעל שפייז, און זיין בלוט האט עס פאנאנדערגעטראגען צו די וויטסטע טהיילען פון זיין קערפער און עס פערוואנדעלט אין פעסטע און סאלידע געוועבען. זיין אויג און חוש־הריח זיינען געווארען מערקווירדיג שארף, און זיין אויער האט זיך אזוי ענטוויקעלט, אז אפילו אין שלאף האט ער געקענט הערען דעם שוואכסטען קלאנג און האט געוואוסט, צו ער בעדייט פריעדען אדער געפאהר. ער האט זיך אויסגעלערענט ארויסצובייסען דאס אייז, וואס האט זיך אנגעזאמעלט צווישען זיינע פינגער, און ווען ער איז געווען דארשטיג און דאס וואסער איז געווען פערצויגען מיט א דיקען הייטעל פון אייז, האט ער געקלאפט מיט זיינע שטייפע פאדערשטע פיס און דורכגעבראכען א לאך. ער האט געהאט אן אונגעוועהנליכע פעהיגקייט צו פיהלען דעם ווינד א נאכט פריהער, איידער ער קומט. ווי שטיל די לופט זאל ניט זיין, האט ער דאך אזוי געגראבען זיין נעסט לעבען א בוים אדער ביים ברעג, אז ווען דער ווינט איז געקומען, איז ער געווען פערבארגען און געשיצט.

ער האט זיך געלערענט ניט נאר אוים ערפאהרונג, נאר לאנג טויטע אינסטיקטען זיינען אין איהם ווידער אויפגעשטאנען תחית המתים. די פריעדליכע דורות זיינען פערשוואונדען. ער האט זיך ביסלעכווייז דערמאנט די יוגענד פון זיין מין, די צייט ווען מחנות ווילדע הינד האבען זיך געטראגען איבער די פארצייטיגע וועלדער און געטויט זייער פלייש נאך א לאנגען יאגען. עס האט איהם ניט געקאסט קיין מיה זיך אויסצולערנען בייסען און רייסען און געבען א כאפ מיט דער שנעלקייט פון א וואלף. אזוי האבען געטהאן זיינע פערגעסענע אבות. דאס האבען זיי אויפגעוועקט

דאס אלטע לעבען אין איהם, און די אלטע טריקס, וואס זיי האבען אבגעשטעמפעלט אין דעם הינטישען מין און איבערגעגעבען פון דור צו דור, זיינען געווען זיינע טריקס. זיי האבען זיך אומגע־קעהרט צו איהם גיך און גרינג, אקוראט ווי זיי זיינען שטענדיג געווען מיט איהם. און ווען ער פלעגט אנשטעלען זיין מארדע צו א שטערן אין די שטילע קאלטע נעכט און וואיען מיט אן אויס־געצויגענעם וואלפישען קול, זיינען דאס געווען זיינע אבות, שוין לאנג טויט און פערניכטעט, וואס האבען אנגעשטעלט זייערע מאר־דעס צו א שטערן און געוואיעט אהער, צו אונז, דורך יאהרהונדערטע און דורך איהם, באק'ן און זיינע טרויעריגע טענער זיינען געווען זייערע טענער, וואס האבען דערצעהלט פון פיין, פון פחד פאר דער שטילקייט און דער קעלט און דער פינסטערניש.

דאס איז נאר געווען א בעווייז, ס'ארא קינדער־שפיעל דאס לע־בען איז. דאס אלטע ליעד האט ערוואכט אין איהם, און ער איז גע־קומען צו זיך און געווארען ער אליין. און געשעהן איז דאס נאר דערפאר, ווייל מענשען האבען ענטדעקט א געלען מעטאל אין צפון און ווייל מאנועל איז געווען א גערטנער־געהילף, וועמעס לוין איז ניט געווען גענוג אויסצוהאלטען זיין ווייב און עטליכע קליינע בעשעפענישען אין זיין געשטאלט.




ווילדע וואַסערען האָבען ניט מורא פאר'ן פראָסט.



# די ווילדע חיה הערשט.



ווילדע חיה האט געלעבט אין באק'ן; דורך דער שווערער רייזע אין צפון-לאנד איז די חיה געווארען אלעמאל שטארקער, געוואקסען אלעמאל גרעסער. אבער דער וואוקס איז געווען א געהיימער. באק איז איצט געווארען ביטרע, ער האט געוואוסט ווי זיך צו היטען, ווי איבערצוווארטען, זיי ניט ווייזען קיין מינע. די גאנצע צייט איז ער געווען פארנומען מיט צופאסען זיך צום נייעם לעבען, האט ער ניט געזוכט קיין שטרייט; פערקעהרט, ער האט אויסגעמידען שטרייטען ווי ווייט נאר מעגליך. ער איז געווען אויסגערעכענט און פארזיכטיג אין אלע זיינע דרכים. ער איז איבערהויפט ניט געווען גענייגט צו איבעראיילטע מעשים, און איצט, אין דעם ביטערען האס צווישען איהם און שפיץ'ן, האט ער ניט ארויסגעוויזען קיין אומגעדולד, ניט געוואלט פערטשעפען דעם שונא.

שפיץ פון זיין זייט האט ניט דורכגעלאזען קיין איינציגע געלעגענהייט צו ווייזען זיינע צייהן, — מסתמא דערפאר וואס ער האט

געפּיהלט אין באָק'ן אַ געפּעהרליכען קאָנקורענט. ער פּלעגט טהאָן אַלעם מעגליכעם אויפצורעגען באָק'ן, ארויסצורופען אַ שטרייט, וועלכער וואָלט זיך געמוזט ענדיגען מיט איינעמ'ס טויט.

שוין גאָר אין אָנפאַנג רייזע וואָלט אפשר פאָרגעקומען אַזאַ צוזאַמענשטויס, ווען ס'וואָלט ניט געטראָפען אַן אומגעוועהנליכע פּאַסירונג. דאָס איז געווען איינמאָל אין אָוונד, ווען זיי האָבען זיך געמאַכט אַ נאַכט־לאַגער ביים ברעג פון דער אָזערע לע באַרזש. זיי האָבען זיך אַלע געפּיהלט קאַלט און אונבעקוועם. ס'איז גע־פאַלען אַ געדיכטער שניי; דער ווינט האָט געשניטען ווי אַ ווייס־אַנגעגליהטער מעסער; די פינסטערניש איז געווען טיעף. זיי האָבען קוים אָנגעטאַפּט אַן אָרט, וואו זי אָבצושטעלען. דאָס איז גראָד ניט געווען קיין גוט אָרט. גלייך פונ'ם וואַסער האָט זיך גע־הויבען אַ וואַנד פון פעלזען, און פּערראָלט און פראַנסואַ האָבען גע־מוזט צולעגען אַ פייער און אויסשפּרייטען זייערע שלאָף־זעק אויפ'ן אייז פון דער אָזערע גופא. דאָס געצעלט האָבען זיי געלאָזט נאָך אין דיא, כדי ס'זאָל זיין ווייניגער משא. זיי האָבען צונויפגעקליבען עטליכע שטיקלעך האָלץ, וואָס די אָזערע האָט צוגעשווענקט צום ברעג נאָך אום זומער, און געמאַכט אַ פייער. אָבער דאָס פייער האָט דורכגעשמאָלצען די אייז־דעק און זיך פערלאָשען. די צוויי רייזענדע האָבען געמוזט ענדיגען זייער מאָהלצייט אין דער פינ־סטער.

באָק האָט זיך געמאַכט אַ נעסט ביים פוס פונ'ם פעלז, אין אַ געשיצטען ווינקעל. ער האָט זיך דאָרט געפּיהלט אַזוי היימליך און וואַרים, אַז ס'האָט איהם אפילו באַנג געטהאָן ארויסגעהן נעה־מען די פיש, וואָס פראַנסואַ האָט געוואָרעמט אויפ'ן פייער און צוטהיילט די הינד. ווען ער האָט געענדיגט עסען און זיך אומגע־קעהרט צו זיין נעסט, האָט ער געזעהן, אַז עמיצער האָט עס פער־נומען. אַ בייזער ברום האָט איהם אָנגעזאָגט, אַז דאָס איז שפּיץ. ביז אַהער האָט באָק זיך ניט געוואָלט אָנהויבען מיט זיין שונא, אָבער דאָס האָט ער שוין ניט געקענט פערטראָגען. ס'איז געווען צו פיעל. די חיה אין איהם האָט אויפגעשטורעמט מיט אַ גע־

וואלט. ער האט זיך א ווארף געטהאן אויף שפיץ'ן מיט אזא וואוט, אז זיי זיינען ביידע געווען איבערראשט, דערהויפט שפיץ, וועלכער האט ביז אהער געגלויבט אז זיין קאנקורענט איז א שטי־לער און א שרעקענדיגער און אז ער בעשטעהט זיין שטעדטעל נאר צוליעב זיין וואוקס און שווערקייט.

אויך פראנסוא איז געווען איבערראשט, ווען ער האט דערזעהן, אז זיי האבען זיך ארויסגעקאטשעט, ווי א קנויל, פון דעם צובראָ־כענעם נעסט. „אט אזוי!" — האט ער אויסגעשריען צו באק'ן, ווען ער האט געטראפען די סבה פון דעם שטרייט. — „אט אזוי! לעג איהם אריין! לעג איהם אריין, דעם פאסקודנעם גנב!"

שפיץ איז אויך געווען ווילינ צו קעמפפען. ער האט אזש גע־קוויטשעט פאר כעס און אויפרעגונג, דרעהענדיג זיך אהער און אהין און זוכענדיג א געלעגענהייט אנצופאלען אויף באק'ן. באק איז געווען ניט וועניגער אויפגערעגט, ניט וועניגער בערייטוזאם, און אויך ער האט זיך געדרעהט אהין און אהער און געווארט אויף א גינסטיגען מאמענט. אבער דא האט געטראפען דאס אונערוואר־טעטע, — די געשעהעניש, וואס האט אבגעלייגט זייער קאמפף פאר הערשאפט אויף שפעטער, ווען זיי וועלען האבען הינטער זיך שוין נענוג מיילען פון שווערען וועג און שווערער ארבייט.

פערראלט האט אויסגעלאזט א קללה; זיין שטעקען האט גע־געבען א קנאק איבער א ביינענדיגען קערפער; א שארפער קוויטש פון שמערץ האט דורכגעשניטען די לופט, — ס'האט זיך אנגעהויבען א וויסטע מהומה. דער לאגער איז געווען איבערפילט מיט לויערנדע האריגע בעשעפענישען, — אפשר אכציג אדער הונדערט אויסגעמאָ־גערטע הונגעריגע הינד, וועלכע האבען דערשמעקט אונזערע ריי־זענדע פון עפעס אן אינדישען דערפעל. אין דער צייט, ווען באק און שפיץ האבען געשטריטען, האבען זיי זיך אונטערגע'גנב'עט און געקומען נעהענטער, און ווען די צוויי מענער האבען זיך א לאז געטהאן צו זיי מיט גראבע שטעקענס, האבען זיי זיך געשטעלט אנטקעגען. דער ריח פון שפייז האט זיי געמאכט ווילד. פערראלט האט באלד בעמערקט ווי איינער פון זיי האט אריינגעשטעקט זיין

קאפ אין דער שפייז־קאסטען. דער מאן האט שווער אראבגעלאזט זיין שטעקען אויף די דארע ריפען פונ'ם רויבער, און דער קאסטען האט זיך איבערגעקעהרט אויף דער ערד. אין א רגע האבען צוואנציג אויסגעהונגערטע ווילדע בעשעפענישען זיך אווארף געטהאן אויפ'ן ברייט און חזיר־שמאלץ. קלעפ האבען זיך געשאטען אויף די אומגעבעטענע געסט, אבער ס'האט ניט געהאלפען. די הינד האבען געקוויטשעט און געברומט אונטער'ן רעגען פון שטעקענס, און דאך געקעמפפט מיט אלע כחות, ביז זיי האבען ניט איינגעשלונגען דאס לעצטע ברעקעל.

דערוויל האבען די שליטען־הינד זיך ארויסגעשלאגען פון זייערע נעסטען. די אנגעקומענע האבען זיך א ווארף געטהאן אויף זיי מיט שרעקליכער רציחה. קיינמאל האט באק אזוינע הינט ניט געזעהן. עס האט זיך געדאכט, אז זייערע ביינער וועלען באלד דורכרייסען זייער פעל, אזוי מאגער זיינען זיי געווען. לעבעדיגע סקעלעטען, איבערגעבויגען מיט א לויזער שמוציגער פעל; אויגען ברענענדיגע ווי פייער, און צייהן בעדעקט מיט סלינע, — דאס זיינען געווען די אנפאלער. די פיין פון טויט־הונגער האט זיי געמאכט שטארק, געוואלטיג, ניט בייצושטעהן אנטקעגען זיי. פון דעם ערשטען איבערפאל האבען די שליטען־הינט געמוזט אבטרעטען צו דעם פעלז. אנטקעגען באק'ן האבען געקעמפפט דריי, און אין איין רגע איז זיין קאפ און זיין אקסעל געווען צוריסען און צוביסען. דער טומעל איז געווען מורא'דיג. ביללי האט געקאוויטשעט ווי געוועהנליך. דייוו און סאל־לעק האבען מוטהיג געקעמפפט זייט ביי זייט, און בלוט האט גערונען פון זיי דורך צעהנדליגע וואונדען. דזשאו האט געביסען ווי א שד. איינמאל האבען זיך זיינע צייהן אריינגעגראבען אין א פאדערשטען פוס פון אן אנפאלער, און ער האט צוכראמשקעט דעם ביין דורך און דורך. פייק, דער אבנארער, האט זיך א ווארף געטהאן אויף דעם צוקאליעטשעטען הונד און דורך א שנעלען האק מיט די צייהן און א רוק האט ער איבערגעבראכען זיין האלז־ביין. באק האט אנגעכאפט א שונא ביים גארגעל; שוים האט געשפריצט ביי יענעם פון מויל, און א שטראם פון בלוט האט

זיך אַ גאַס געטהאָן אויף באַק'ן, ווען ער האָט דורכגעביסען דעם הויפּט־אָדער פון זיין האַלז. דער טעם פון בלוט האָט איהם אויפ־געריייצט צו מעהר ווילדקייט. ער האָט זיך אַ וואַרף געטהאָן אויף אַן אַנדער שונא, און אין דער זעלביגער צייט האָט ער דערפיהלט, אַז עמיצען'ס צייהן האָבען זיך אריינגעביסען אין זיין האַלז. דאָס איז שפּיץ אויף איהם פּעררעטהעריש אַנגעפאַלען פון דער זייט.

פעררעלט און פראַנסוא האָבען דערווייל אָבגעריייניגט זייער טהייל לאַגער און זיך אַ לאָז געטהאָן העלפען זייערע הינט. די וויל־דע כוואַליע אויסגעהונגערטע בעסטיעס האָט זיך אָבגערוקט פאַר זיי, און באַק האָט זיך ארויסגעריסען פריי. אָבער נאָר אויף איין מינוט. די צוויי מענער האָבען געמוזט לויפען צוריק רעטען די שפּייז. האָבען די פרעמדע הינט זיך ווידער אומגעקעהרט און אַטאַקירט די שליטען־הינט. ביללי האָט פאַר פּחד זיך אַנגענומען מיט מוטה, דורכגעבראָכען דעם וואַהנזיניגען קרייז און זיך אוועק־געלאָזט איבער'ן אייז. פּייק און דאַב האָבען איהם נאָכגעפאָלגט, און די איבעריגע הינט נאָך זיי. ווען באַק האָט זיך אויסגעגלייכט אַ שפּרונג צו טהאָן נאָך זיי, האָט ער פון אַ ווינקעל אויג געזעהן, אַז שפּיץ לויפט צו איהם און וויל איהם איבערקעהרען. וואָלט ער נאָר געפאַלען פון די פיס, אונטער אַזאַ מאַסע הינט, וואָלט ער שוין קיין האָפנונג ניט געהאַט צו בלייבען ביים לעבען. ער האָט אָבער אָנגעשטרענגט זיינע מוסקעלן, אויסגעהאַלטען דעם שטויס, וואָס שפּיץ האָט איהם געגעבען, און זיך געלאָזט לויפען נאָך די אַנדערע איבער'ן אייז.

שפּעטער האָבען די ניין שליטען־הינט זיך פעראייניגט און אַנטלאָפען אין וואַלד. דאָ האָבען די פרעמדע זיי געלאָזט צורוה, אָבער די לאַגע זייערע איז געווען ביטער. יעדער איינער איז גע־ווען פערוואונדעט אין פיער אָדער פינף פּלעצער, אייניגע זעהר ערנסט. ביי דאַב'ן איז אַ הינטערשטער פוס געווען צוקאַליעטשעט; ביי דאָלליי'ן, דעם לעצטען הונט וואָס מען האָט צוגעקויפט אין דיאַ, איז דער האַלז געווען צוריסען; דזשאָו האָט אַנגעוואָרען אַן אויג און דער ווייך־הערציגער ביללי, מיט אַ צוקייטען און צופליקטען

אויער, האָט נאָכאַנאַנד געווײנט און געקאַוויטשעט אַ גאַנצע נאַכט. אין דער פריה האָבען זיי בעהיטזאם אוועקגעהונקען צום לאַגער, וואו זיי האָבען געפונען, אַז די אַנפאַלער זיינען פערשוואונדען און די צוויי מענער זיינען בייז. אַ גאַנצע העלפט פון זייער עסענוואַרג איז ניט געבליבען. די ווילדע הינט האָבען אפילו פאַנאַנדערגעקייט די רימענס פון די שליטען און די לייוונטענע דעקען. זיי האָבען געגעסען אַלעס, וואָס ס'האָט זיך נאָר געקענט אויסדאַכטען, אַז ס'האָט אַ שטיקעל שייכות צום עסען. זיי האָבען אויפגעגעסען פעררוֹאַלט'ס אַ פּאָר פאַנטאָפעל פון הערשען־פעל, אויסגעגריזשעט שטיקער פון די לעדערנע לייצעס, איינגעשלונגען 2 פוס פון פראַנ־סואַ'ס לעדערנער בייטש. יענער האָט לאַנג געקוקט אויף דער בייטש מיט טרויעריגען רחמנות, דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו זיינע פעדוואונדעטע הינט:

„אַך, ליעבינקע", — האָט ער געזאָגט ווייך, — „איהר זאָלט כאָטש ניט ווערען משוגע פון די פיעלע וואונדען. אפשר זיינען דאָס גאָר געוועזען משוגענע הינט, סאַקרדאַם! ווי מיינט איהר, פעררוֹאַלט?"

דער קוריער האָט מיט צווייפעל געשאָקעלט זיין קאָפּ. ביז דאָ־סאָן איז נאָך געבליבען פיער הונדערט מייל, — ווי וועט ער אויס־קומען, אויב זיינע הינט וועלען ווערען משוגע? צוויי שעה נאָכ־אַנאַנד האָבען די מענער געשאָלטען און פלייסיג געאַרבייט איבער דעם שפּאַן, דאַן האָבען די הינד, שטאַר פון דער מאַסע וואונדען, זיך ווייעדער געלאָזט אין וועג, געשלעפּט זיך מיט אַנגסטען איבער דעם שווערסטען טהייל מדבר, וואָס האָט זיך זיי ביז אהער גע־טראָפען, — פאַקטיש איבער'ן שווערסטען טהייל וועג צווישען זיי און דאָסאָן.

דער טייך פון די „דרייסיג מייל" איז ניט געווען פערפרוירען. זיינע ווילדע וואַסערען האָבען זיך ניט אונטערגעגעבען דעם פראָסט, און נאָר אין די שטילערע ערטער האָט דאָס אייז זיך געהאַלטען. זעקס טעג אַנגעשטרענגטע אַרבייט האָבען געקאָסט אָט די דרייסיג שרעקליכע מייל. זיי זיינען באמת געווען שרעקליך, וואָרום יעדער שפּאַן איז געווען פערבונדען מיט לעבענס געפאַהר פאַר די הינט

און די מענער. פעררא̈לט איז געגאנגען בא̈ראויס, געטאפּט דעם וועג. אפשר צעהן מא̈ל הא̈ט ער דורכגעבראכען די אייז־בריקען און אריינגעפאלען אין וואסער. גרא̈טעוועט הא̈ט איהם די לאנגע שטאנג, וואס ער הא̈ט געטרא̈גען מיט זיך און געהאלטען אזוי, אז ווען ער איז אריינגעפאלען, איז זי געבליבען ויסגעשטרעקט איבער דעם לאך. ס'איז א̈בער געווען קאלט, פופציג גראד אונטער נול, און אלעמא̈ל ווען פעררא̈לט הא̈ט זיך אויסגעבא̈דען, הא̈ט מען גע־מוזט זיך א̈בשטעלען, צולעגען א פייער און אויסטריקענען זיינע קליידער, אויב מ'הא̈ט געוואלט, ער זאל בלייבען ביים לעבען.

איהם הא̈ט קיין זאך ניט געשרא̈קען. טאקע דערפאר, וויל קיין זאך הא̈ט איהם ניט געשרא̈קען, הא̈ט מען איהם אויסגעקליבען פאר א רעגיערונגס־קוריער. ער הא̈ט ריזיקירט אויף אלערליי אופנים: ער הא̈ט מוטהיג געשטעקט זיין קליינעם איינגעשרומפענעם פנים אין פראסט אריין און געהא̈רעוועט פון דעם פריהען מא̈רגען ביז ביי־נאכט. ער הא̈ט געשפאנט לעבען די א̈נגעכמורעטע ברעגען, איבער ראנד־אייז, וואס הא̈ט זיך געבויגען און געקנאקט אונטער די פיס אזוי, אז זיי הא̈בען זיך ניט געוואגט א̈בצושטעלען. איינמא̈ל הא̈ט דער שליטען דורכגעבראכען דא̈ס אייז און אריין אין וואסער, צו־זאמען מיט דייוו'ן און באק'ן; ווען מ'הא̈ט זיי ארויסגעשלעפט, זיי־נען זיי געווען האלב פערפרוירען און שיעור ניט דערטרונקען. מ'הא̈ט געמוזט הא̈בען א פייער צו רא̈טעווען זיי. ביידע הינט זיינען גע־ווען איבערגעצויגען מיט א דיקער דעק פון אייז, און די צוויי מענער הא̈בען זיי געצוואונגען צו לויפען ארום פייער, כדי צו שוויצען און א̈בגעהן. זיי זיינען געווען אזוי נא̈הענט צום פייער, און ס'הא̈ט זיי א̈פגעסמא̈ליעט די הא̈ר.

א̈ן אנדערש מא̈ל איז שפּיץ אריין אין וואסער און נא̈כגעשלעפט די הינד נא̈ך זיך. א̈לע זיינען אריין, ביז בא̈ק'ן, וועלכער הא̈ט מיט זיין גאנצער קרא̈פט זיך א שפּא̈ר געטהא̈ן צוריק, ווען זיינע פא̈ר־דערשטע פיס זיינען שוין געווען ביים גליטשיגען ראנד און דא̈ס אייז הא̈ט זיך געהוידעט און געבראכען ארום און ארום. הינטער איהם איז געווען דייוו, וואס הא̈ט אויך געצויגען צוריק, און הינ־

טער'ן שליטען איז געווען פראַנסוא, וועלכער האָט געשלעפּט צוריק אַזוי לאַנג, ביז זיינע אָדערען האָבען געפּלאַצט.

ווידער אַן אַנדער מאָל האָט דאָס אייז זיך אָבגעבראָכען פאָר־רענט און הינטען, און ס'איז ניט געווען קיין אַנדער וועג צו רע־טען זיך, נאָר אויף דער פעלזיגער וואַנד. מיט נסים האָט פּעררּאָלט ארויפגעקלעטערט אויפ'ן פעלז, בשעת פראַנסוא האָט גאָט געבעטען, אַז דער נס זאָל געשעהן. זיי האָבען צונויפגעבונדען אַלע שנורען, רימענס, שטריק און לייצעס, וואָס זיי האָבען מיט זיך געהאַט, גע־מאַכט איין לאַנגען שטריק, און ארויפגעצויגען די הינד אויפ'ן שפּיץ פעלז, איינעם נאָכ'ן צווייטען. פראַנסוא איז ארויף דער לעצטער, נאָכ'ן שליטען מיט דער משא. שפּעטער האָט מען גענו־מען זוכען אַן אָרט, וואו אראָבצוגעהן אַראָב. אַזאַ אָרט האָט מען ענדליך געפונען. מ'האָט זיך אַראָבגעלאָזט מיט דער הילף פון דעם זעלבינען שטריק, און די נאַכט האָט זיי ווידער געפונען אויפ'ן טייך. יענעם טאָג זיינען זיי אָבגעגאַנגען אַ פערטעל מייל.

ווען זיי האָבען, ענדליך, דערגרייכט הוטאַלינקווא און געהאַט גוט אייז אונטער די פיס, איז באַק שוין געווען אויסגעשפּיעלט. די איבעריגע הינט זיינען ניט געווען אין קיין בעסערען צושטאַנד; אָבער פּעררּאָלט האָט געוואָלט אָניאָגען די פערלוירענע צייט און געטריבען זיי פריה און שפּעט. דעם ערשטען טאָג זיינען זיי אָב־געלאָפען פינף און דרייסיג מייל ביז צום „גרויסען לאַקס"; אויף מאָרגען נייע פינף און דרייסיג מייל צום „קליינעם לאַקס"; אויפ'ן דריטען טאָג האָבען זיי געמאַכט פערציג מייל און אָנגעקומען שוין גאָר נאָהענט צו די „פינף פינגער".

באַק'ס פיס זיינען ניט געווען אַזוי פעסט און האַרט ווי די פיס אין די איבעריגע הינד. לאַנגע דורות האָבען זיינע טאַטעס און זיי־דעם געפיהרט אַ הויזליכען לעבען צווישען מענשען — זינט יע־נעם טאָג, ווען דער פאַרצייטיגער האַלב־ווילדער מענש האָט צוגע־לאָנטשעט צו זיך דעם לעצטען פון זיינע פרייע אָבות. זייערע פיס זיינען דעריבער געוואָרען ווייכער. באַק האָט גאַנצע טעג געהונקען אין פיין, און קוים האָט מען זיך אָבגעשטעלט, פלעגט ער בלייבען

ליגען ווי א טויטער. גרויס איז געווען זיין הונגער, אבער דאך האט ער קיין כח ניט געהאט אויפצוהויבען זיך נעהמען זיין פארציע פיש, און פראנסוא האט זי איהם געמוזט אונטערטראגען. דער זעלביגער פראנסוא פלעגט יעדען אווענד נאכ'ן עסען רייבען זיינע פיס א האלבע שעה און האט אפילו אבגעגעבען די אויבערשטע טהיילען פון זיינע פאנטאפעל כדי צו מאכען באק'ן פיער שיכלעך. דאס האט געלינדערט זיין וועהטאג, און איינמאל האט אפילו פערראלט'ס איינגעשרומפענער פנים זיך פערצויגען אין עפעס ווי א קרומער שמייכעל, ווען פראנסוא האט פערגעסען אנטהאן באק'ן די שיכלעך און יענער האט זיך אוועקגעלעגט אויפ'ן רוקען און געמאכט מיט זיינע פיער פיס אין דער לופטען, ווי ער וואלט געבעטען די שיכלעך, און זיך ניט געוואלט ריהרען אהן זיי. שפעטער זיינען זיינע פיס פערהארטעוועט געווארען, און מ'האט אוועקגעווארפען די אויסגעטרעטענע שיכלעך.

איינמאל אן דער פריה, ס'איז געווען ביי פעללי, האבען זיי געהאלטען אין איינשפאנען, ווען דאללי איז פלוצלונג משוגע געווארען. ביז אהער האט דער הונט זיך ניט אויסגעצייכענט מיט גארניט, איצט האט ער אנגעהויבען וואיען מיט א לאנגען, הארץ־רייסענדען וואלפישען טאן, וואס האט אנגעווארפען א פחד אויף אלע הינט, און באלד האט ער זיך א ווארף געטהאן צו באק'ן. באק האט קיינמאל ניט געזעהן קיין משוגע'נעם הונד און האט ניט געהאט קיין גרונד מורא צו האבען פאר משוגעת; אבער דאך האט ער געפיהלט, אז דא איז עפעס שרעקליכס, און האט אין אימה גענומען אנטלויפען. בליץ־שנעל זיינען זיי ביידע געלאפען, באק פאראויס, דאללי, סאפענדיג און פינענדיג, איין שריט הינטען. דאללי האט ניט געקאנט דעריאגען באק'ן, אזוי גרויס איז געווען זיין מורא; באק האט ניט געקענט אנטלויפען פון דאללי'ן, אזוי משוגע איז געווען דער לעצטער. באק איז אריין אין דער וואלדבעדעקטער ברוסט פון אינזעל, ארויס צוריק, אראב צום ניעדריגען ענד פונ'ם אינזעל, אריבערגעשפרונגען א קאנאל פול מיט שפיציגען אייז, ארויף אויף א צווייטען אינזעל, דאן אויף א דריטען, זיך פער־

קירעווועט צום הויפּט־טייך און אין פערצווייפלונג זיך געלאָזט לויר־פען איבער איהם. און אַבוואָהל ער האָט זיך די גאַנצע צייט ניט אומגעקוקט, האָט ער נאָכאַנאַנד געהערט, ווי דאַללי וואַרטשעט איין טריט הינטער איהם. אַ פּערטעל מייל ווייטער האָט איהם פראַנסוּאַ גענומען רופען, און ער האָט זיך פערקירעווועט צוריק, אַלץ נאָך איין טריט פאָראויס. ער האָט קוים געקענט כאַפּען דעם אָטהעם און געלעגט זיין גאַנצע האָפנונג אויף פראַנסוּאַ. יענער איז געשטאַ־נען מיט אַן אויפגעהויבענער האַק, געוואַרט ביז באַק איז פאַרביי־געשפּרונגען לעבען איהם, דאַן האָט ער אַ טראַף געטהאָן מיט דער האַק איבער דעם משוגענעם דאַללי'ס קאָפּ.

באַק האָט זיך קוים דערשלעפּט צום שליטען, אַן אויסגעמאַ־טערטער, אַ הילפלאָזער, ציהענדיג דעם אָטהעם מיט גרויסען שמערץ. שפּיץ האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט. ער האָט זיך אַ וואַרף געטהאָן אויף באַק'ן און צוויי מאָל אריינגעשטעקט די צייהן אין זיין אָהנמעכטיגען שונא, צופּענדיג און רייסענדיג חאָס פלייש ביז'ן ביין. דאַן האָט פראַנסוּאַ'ס בייטש זיך אַראָבגעלאָזט אויף איהם, און באַק האָט געהאַט דעם פערגעניגען צו זעהן, ווי שפּיץ האָט בע־קומען די ערגסטע שמיץ האָט די הינט האָבען ווען ניט איז פער־זוכט.

— אַ טייוועל דער שפּיץ, — האָט פּערראָלט בעמערקט. — ער וועט נאָך אַמאָל טויטען דעם באַק'ן.

— דער באַק איז צוויי טייוועלס, — האָט פראַנסוּאַ בעמערקט.

— איך האָב זיך גוט צוגעקוקט צו איהם און איך וויים אויף גע־ווים. ס'וועט נאָך קומען אַ טאָג, וועט ער זיך דאָס אַ נעהם טהאָן צו שפּיץ'ן, זאָג איך אייך: ער וועט איהם צוקייען און אויסשפּייען אויפ'ן שניי. גלויבט מיר.

פון דעם טאָג אָן זיינען זיי געווען אין קריעג. שפּיץ, דער פיהר־רער, דער אנערקענטער הערשער פון די הינט, האָט געפיהלט, אַז דער מאָדנער דרום־הונד איז אין אַ געפאַהר פאַר זיין מאַכט. און באַק איז טאַקע געווען מאָדנע אין זיינע אויגען. וואָרום וויפיעל דרום־הינט ער האָט ניט געזעהן, איז קיינער ניט ווערטה געווען גאַר־

נישט ווען ס'איז געקומען צו דער ארבייט. זיי זיינען געווען צו ווייך, און פלעגען באלד שטארבען פון הארעוואניע, פון קעלט, פון הונגער. באק איז געווען אן אויסנאהם. באק האט אויסגעהאלטען און זיך געפיהלט גוט. ער איז געווען גלייך מיט די ארטיגע הינד אין קראפט, ווילדקייט און ביטערקייט. ער האט אבער געהאט א הערשער־נאטור, און דער שטעקען פון דעם מאן איג'ם רויטען סוועטער האט איהם אויסגעלערענט, אז ווען מען שטרעבט צו מאכט דארף מען ניט זיין געאיילט און מען דארף זיך ניט פערלאזען אויף בלינדען מוטה. דאס האט איהם געמאכט געפעהרליך. ער איז געווען ביטרע, אויסערגעוועהנליך ביטרע, און האט פערשטאנען צו ווארטען גאר ניט ווי א ווילדער.

דער צוזאנעשטויס צווישען די צוויי הינט איז געווען אונפערמיידליך. באק האט דאס געוואלט. באק האט דאס געווינשט, ווייל אזוי איז געווען זיין נאטור, ווייל טיעף אין איהם האט געלעבט יענער מערקווירדיגער, אונפערשטענדליכער שטאלץ, וועלכער כאפט ארום די הינט אויף דער רייזע און צווינגט זיי צו הארעווען ביז'ן לעצטען אטהעם, און ציהט זיי צו שטארבען מיט שמחה אין שפאן, און מאכט זיי דערשלאגען און אומגליקליך, ווען מען בינדט זיי אב פונ'ם שליטען און מען לאזט זיי אליין. דאס איז געווען דער שטאלץ פון דייוו, דעם ערשטען ביים שליטען, און דער שטאלץ פון סאל־לעקס, וועלכער האט געצויגען מיט זיין גאנצער קראפט; דאס איז געווען יענער שטאלץ, וואס פלעגט אלע־מאל ארומכאפען די הינט, ווען מ'האט זיך געלאזט אין וועג, און וואס פלעגט זיי פערוואנדלען פון בייזע אונצופריעדענע בעסטיעס אין פרעהליכע, לעבעדיגע, ארבייטס־וויליגע בעשעפענישען; דאס איז געווען יענער שטאלץ, וואס האט זיי אונטערגעטריבען א גאנצען טאג און פלעגט זיי פערלאזען נאר דאן, ווען מ'האט זיך אבגעשטעלט אויף ביינאכט, און זיי פלעגען ווידער אריינפאלען אין זייער פינסטערער אונרוהיגקייט און אונצופריעדענהייט. דאס איז געווען יענער שטאלץ, וואס האט געגעבען שפיץ'ן געדולד און איהם געצוואונגען צו בעשטראפען די איבעריגע שליטען־

הינד, ווען זיי האבען געמאכט פעהלערען אדער זיך געפוילט אין וועג, אדער זיך בעהאלטען ווען מ'האט געדארפט שפאנען אין דער פריה. דאס איז געווען דערזעלביגער שטאלץ, וואס האט איהם אריינגעגעבען א מורא פאר באק'ן, אלס מעגליכען פיהרער. און דאס איז געווען באק'ס שטאלץ אויך.

ער האט אפען געדראהט יענעמ'ס פיהרערשאפט. ער האט זיך אריינגעמישט צווישען איהם און די איבעריגע הינד, וועלכע יענער האט געזאלט בעשטראפען פאר פוילקייט. און ער האט דאס גע־טהאן מיט א כיון. איין נאכט איז דער שניי געפאלען זעהר געדיכט, און אין־דער־פריה האט פייק, דער אבנארער, זיך ניט בעוויזען. ער האט זיך געפיהלט זיכער אין זיין נעסט אונטער א פוס שניי, און האט ניט געוואלט ארויסגעהן. פראנסוא האט איהם אומזיסט גערופען און געזוכט. שפיץ איז געווען מלא רציחה. ער איז ארומגעלאפען, ווי א ווילדער, איבער'ן לאגער, געשמעקט, געברומט אז פייק האט דאס געהערט און געציטערט אין זיין נעסט.

ווען מ'האט איהם ענדליך אויסגעגראבען און שפיץ האט זיך א לאז געטהאן צו געבען איהם א גאב, האט באק, פונקט מיט דערזעלביגער רציחה, זיך א לאז געטהאן צווישען זיי. דאס איז געווען אונערווארטעט און דורכגעפיהרט אזוי כיטרע, אז שפיץ האט זיך ניט איינגעהאלטען אויף די פיס און איז געפאלען. פייק, וועלכער האט קנעכטיש געציטערט די גאנצע צייט, האט זיך אנגע־נומען מיט הארץ, זעהענדיג דעם אפענעם אויפשטאנד, און האט זיך א ווארף געטהאן אויף זיין איבערגעקעהרטען פיהרער. באק, וואס האט שוין לאנג פערגעסען יושר אין קאמפף, האט זיך אויך א ווארף געטהאן אויף איהם. אבער פראנסוא האט זיך פעסט געהאלטען אן די געזעצען פון גערעכטיגקייט, און שמייכלענדיג צו זיך אליין איבער דעם אינצידענט, האט ער אראבגעלאזט אויף באק'ן די בייטש מיט'ן גאנצען כח. דאס איז אבער ניט געווען גענוג אבצוטרייבען באק'ן פון זיין אומגעווארפענעם קאנקורענט, און פראנסוא האט זיך געמוזט נעהמען צום הענטעל פון דער

בייטש. באַק איז געווען האַלב־צומישט פונ'ם קלאַפּ, ער האָט זיך איבערגעקעהרט אויף צוריק, און די בייטש האָט זיך אויף איהם אַראָבגעלאָזט ווידער און ווידער, אין דער צייט ווען שפּיץ האָט געמאַכט נעוואַלטען בעשטראָפענדיג דעם פּיעלפּאַכען זינדער פּייק'ן.

באַק האָט זיך אָבער ניט אָבגעזאָגט פון זיין פיהרונג. ער האָט זיך כסדר אַריינגעמישט צווישען שפּיץ'ן און די איבעריגע הינט, נאָר ער האָט דאָס געטהאָן פאַרזיכטיג, ווען פראַנסואַ איז ניט געווען דערביי. וואָס נעהנטער מ'איז געקומען צו דאָסאָן, אַלץ מעהר אונאָרדנונג איז געווען צווישען די הינט. דייוו און סאָל־לעקס זיינען געבליבען רוהיג, אָבער די איבעריגע האָבען פּשוט אויפגעהערט פאָלגען. מ'האָט אויסגעבראָכען, קען מען זאָגען, אַן עפּידעמיע פון אַלגעמיינער אונצופריעדענהייט. מ'האָט זיך כסדר געריסען און געקריעגט. יעדע מינוט האָבען די מענער זיך גע־קענט ריכטען אויף נייע צרות, און די סיבה פון אַלעם איז געווען באַק. צוליעב איהם איז דער הונט־טרייבער פראַנסואַ ניט געווען רוהיג אַ מינוט. ער האָט געוואוסט, אַז דער קאַמפּף אויף לעבען און טויט צווישען די צוויי איז אונפערמיידליך, און ער האָט דאָס געוואָלט פערהיטען ווי ווייט מעגליך. און ניט איינמאָל פלעגען די קולות און צאַנקערייען פון די הינט איהם צווינגען אַרויסצור־קריכען פון זיין שלאָף־זאַק, זעהן, צו דאָס זיינען ניט באַק מיט שפּיץ'ן.

אָבער די געלעגענהייט האָט זיך ניט געמאַכט, אַז ווען זיי זיינען איין קאַלטען נאָכמיטאָג אַריינגעפאָהרען קיין דאָסאָן, איז דער גרויסער קאַמפּף נאָך ניט געווען געקעמפּפט. אין דאָסאָן איז געווען אַ סך מענשען און אָהן אַ צאָהל הינט, און באַק האָט זיי אַלע געטראָפען ביי דער אַרבייט. עס האָט אויסגעזעהן, אַז אַזוי איז דאָס איינגעפיהרט פון ששת ימי בראשית, אַז הינט זאָלען טהאָן אַרבייט. אַ גאַנצען טאָג פלעגען זיי שלעפּען שלי־טענס אַהין און אַהער איבער דער הויפּט־גאַס און אַפילו ביינאַכט פלעגט ניט שטיל ווערען דער קלימפּערן פון זייערע גלעקלעך. זיי האָבען געשלעפּט סלופּעס צו בויען הייזלעך און האָלץ צו

הייצען, געצויגען אַלערליי משא צו די גאָלד־גרובען און בכלל גע־
טהאָן די אַרבייט, וואָס פערד טהוען אין דעם האָל פון סאַנטאַ
קלאַראַ. דאָ און דאָרט פלעגט באַק בעגעגענען אַ דרום־הונט, אָבער
אין אַלגעמיין זיינען דאָס געווען די ווילדע וואָלפישע שטאַרקע
הינט פון צפון. דריי מאָל אַ נאַכט, פונקט ניין, צוועלף און דריי
דעם זייגער, פלעגען זיי אויפהויבען אַ נאַכט־געזאַנג, און אונהיימ־
ליכען זמר, פול מיט מיסטישען פחד, און באַק פלעגט מיט גרויס
פערגעניגען צושטעהן צום כאָר.

איבער די קעפ האָט קאַלט געפלאַמט דאָס צפון־ליכט; די
שטערען האָבען געטאַנצט זייער פראָסטיגען טאַנץ; די ערד איז
געווען שטום און פערפרוירען אונטער אַ מאַנטעל פון שניי, און
דאָס געזאַנג פון הינט וואָלט געקלונגען ווי אַ קלוג צום לעבען,
ווען עס וואָלט ניט געווען אַזוי אומעטיג, מיט אַ לאַנג־אויסגעצוי־
גענעם וואָיען און אַ פערשטיקטען געוויין. עס האָט זיך בעקומען
אַן איינדרוק, אַז דאָס קלאַגט זיך דאָס לעבען גופא; די פיין פון
עקזיסטענץ געפינט דאָ אַ בערעדטיגען אויסדרוק. דאָס איז געווען
אַן אַלט געזאַנג, אַלט ווי דער מין גופא — איינער פון די ערשטע
געזאַנגען פון אַ יונגער וועלט, אין אַ צייט וואו יעדעם ליעד איז
געווען אָנגעזאַפּט מיט טרויער. דער וועה פון אונצעהליגע דורות
איז געווען אין די טענער, דערפאַר האָבען זיי אַזוי
אויפגערודערט באַק'ס נשמה. ווען ער פלעגט קרעכצען און שלוכ־
צען ביינאַכט, איז דאָס געווען די פיין פון לעבען, — די זעלביגע
פיין, וואָס האָט אַמאָל געמאַטערט זיינע ווילדע זיידעס; דאָס איז
געווען די אימה און דער סוד פון קעלט און פינסטערניש — דיזעל־
ביגע, וואָס האָבען געשראָקען זיינע זיידעס. דאָס, וואָס באַק
האָט זיך אַזוי לעבעדיג אָבגערופען אויף דעם אַלעם, האָט בעוויזען,
ווי שנעל ער קעהרט זיך אום צוריק, דורך דורות פון דאַך און פייער,
צו דעם רויהען אָנפאַנג פון לעבען.

זיעבען טעג נאָך זייער אָנקומען קיין דאָסאָן האָבען זיי זיך
אַוועקגעלאָזט פאַרביי די באַראַקען אַראָב באַרג, צום טייך צו, און
זיך גענומען מיט'ן יוקאָן־וועג קיין דיאַ און סאָלט וואָטער. פער־



איבער די קעפּ האָט קאַלט געפלאַמט דאָס צפון־ליכט״

ראלט האט איצט געפיהרט נאך וויכטיגערע דעפעשען, ווי די וואס ער האט אקארשט געבראכט; אחוץ דעם האט דער רייזע־שטאלץ איהם פערכאפּט און ער האט געוואלט בעווייזען, אז ער וועט מאכען די שנעלסטע רייזע פונ'ם יאהר. זיין לאגע איז געווען גינסטיג. די הינט, נאך א וואך רוה, זיינען ווידער געווארען שטארק און האבען זיך געפיהלט אויסגעצייכענט. דער וועג, וואס זיי האבען די ערשטע דורכגעבראכען, איז איצט געווען גלאט איינגעריבען דורך אנדערע רייזענדע, ווס זיינען געקומען נאך זיי. די פּאליציי האט אין די צוויי אדער דריי פּלעצער אנגעגרייט שפּייז פאר די מענשען און הינט, האט ער פערשפּארט פיהרען מיט זיך א שווערע משא.

דעם ערשטען טאג זיינען זיי אנגעקומען קיין סיקסטי מייל — 50 מייל פון דאסאן. דער צווייטער טאג האט זיי שוין געטראפע אויפ'ן יוקאן ציהענדיג קיין פּעללי. אבער די גלענצענדע שנעלקייט האט פראנסואז'ן געקאסט א סך ערגערניש און מיה. די שטענדיגע אונצופריעדענהייט, וואס באק האט געזייהט צווישען דער חברה, האט צושטערט זייער אחדות. זיי זיינען שוין ניט געווען אלע ווי איינער אין שפּאן. באק האט אונטערגעהאלפען די ווידערשפּעניגע, און דאס האט זיי געפיהרט צו אלערליי מרידות. מ'האט שוין מעהר ניט געקוקט אויף שפּיץ'ן ווי אויף א שטארקען פיהרער. די אלטע אימה איז פערשוואנדען, און די הינט האבען זיך געפיהלט בכח צו שטעלען זיך געגען זיין אויטאריטעט. איינמאל האט פּייק ביי איהם אויסגעריסען א האלבען פיש און איהם ארונטערגעשלונגען אונטער באק'ס שוץ. אן אנדער מאל האבען דאב און דזשאו געהאט מיט שפּיץ'ן א געשלעג און איהם געצוואונגען זיך אבצוזאגען פון דער שטראף, וואס זיי האבען פערדיענט. דער פריעדליכער בילי איז אויך געווארען ווענינער פריעדליך, און האט אפילו ניט העלפט אזוי הארציג געקאווויטשעט, ווי ער פלעגט דאס טהאן פריהער. באק איז קיינמאל ניט פערבייגעגאנגען שפּיץ'ן, אז ער זאל ניט ברומען און אויפשטעלען דראהענד די האאר. פּאקטיש האט ער זיך גערייצט מיט זיין

שונא, און עס פלעגט איהם פערשאפען פערגעניגען צו דרעהען זיך מיט גדלות אונטער שפיץ'ס נאז.

זינט די דיסציפלין איז געפאלען, זייען אויך ערגער געווארען די בעציהונגען פון די הינט איינער צום צווייטען. זיי האבען זיך געקריעגט און געאמפערט מעהר ווי שטענדיג; עס פלעגט אמאל דערגעהן אזוי ווייט, אז דער לאגער איז געווען איין בילענדער בערלאם. נאר דייוו און סאל־לעקס זיינען געבליבען אונפערענדערט, כאטש זיי פלעגען איצט אויך ווערען זעהר אויפגערעגט צוליעב די אייביגע רייסערייען. פראנסוא האט געשאלטען מיט מאדנע בארבארישע קללות, געטופעט איבער'ן שניי אין אהנמעכטיגען צארן און זיך געריסען די האאר. זיין בייטש האט נאכאנאנד געסווישטשעט צווישען די הינט, אבער דאס האט וועניג וואס געהאלפען. קוים האט ער זיך נאר אבגעקירעוועט, פלעגט זיין די זעלביגע געשיכטע. פראנסוא האט געשטיצט שפיץ'ן מיט זיין בייטש, אבער באק האט געשטיצט די איבעריגע הינד. פראנסוא האט געוואוסט, אז באק איז שולדיג אין דעם אלעס, און באק האט געוואוסט, אז ער ווייסט; ער איז אבער געווען צו קלוג, אז מען זאל איהם קענען כאפען. ער האט געטריי געצויגען אין שפאן, ווארום די ארבייט איז איהם געווארען א פערגעניגען; אבער נאך א גרעסערער פערגעניגען איז איהם געווען אויפצורייצען די חברים שטילערהייט צום קאמפף און פערפלאנטערען די לייצעם.

ביים מויל פון דער טאחקינא האט דאב איינמאל אין אוועגד אויסגעפונען א האז, אבער דורך א פעהלער איהם ארויסגעלאזט. אין א רגע האבען אלע זיך א לאז געטהאן נאכ'ן האז מיט קולי קולות. הונדערט יארד פון דארט איז געווען דער לאגער פון דער צפון־מעריב'דיגער פאליציי מיט פופציג הינט, וואס האבען זיך אנגעשלאסען אן געיעג. דער האז איז געלאפען אראב־טייך, זיך אויסגעדרעהט צו א שמאל ריטשקעלע און זיך א לאז געטהאן אין דער לענג פונ'ם פערפרוירענעם וואסער, בארג ארויף. דער האז איז לייכט געשפרונגען אויף דער אויבערפלאך פונ'ם שניי, בשעת די הינט פלעגען דורכפאלען און אקערען דעם שניי מיט

זייער גאַנצער קראַפט. באַק איז געלאָפען פאַראויס, די זעכציג הינט נאָך איהם; ער האַט אַלעמאָל זיך פערקירעוועט צוזאַמען מיט דער ריכטונג פון׳ם טייכעל, אָבער דעריאַגען האַט ער ניט גע־קענט. ער האַט זיך צוגעבויגען נידעריג צו דער ערד, געקאַוויוט־שעט פאַר גרויס אימפעט; זיין פראַכטפאָלער קערפער האָט ווי אַ בליץ זיך געטראָגען, אַ שפּרונג נאָך אַ שפּרונג, אין דעם בלאַסען לבנה־שיין. און אַ שפּרונג נאָך אַ שפּרונג, ווי בלייכע פראָסטיגע געשפּענסט, האָט דער האַז זיך בליץ־שנעל געטראָגען פאַראויס.

דער רוף פון אַלטע אינסטינקטען, וועלכע ערוואַכט פון צייט צו צייט אין די מענשען און ציהט זיי אַרויס פון די רוישיגע שטעדט אין וואַלד און פעלד צו טויטען בעשעפענישען דורך בלייענע קוילען מיט דער הילף פון כעמישער קראַפט, — דער חשק צו בלוט, די פרייד צו טויטען — דאָס אַלעס איז איצט געווען לעבעדיג אין באַק׳ן, אָבער ס׳איז געווען פיעל מעהר אינטים. ער איז געשפּרונ־גען בראש פון דער באַנדע, געיאַגט זיך נאָך אַ ווילדע בעשעפעניש, נאָך לעבעדיגער פלייש, כדי צו טויטען עם מיט זיינע אייגענע ציינער און צו וואַשען זיין מאָרדע ביז די אויגען אין וואַרימען בלוט.

ס׳איז דאָ אַ סאָרט עקסטאַז, וואָס בעצייכענט די העכסטע שטופּע פון לעבען און וואָס העכער קען עס שוין ניט שטייגען. אַזוי איז אָבער דער פּאַראַדאָקס פון לעבען, אַז גראַד דער עקזטאַז, וועלכער קומט אין דער צייט פון דעם שטאַרקסטען לעבענס־גע־פיהל, מאַכט אייך פערגעסען אָן אייער לעבען. אָט דער עקסטאַז, אָט דאָס פערגעסען זיך אַליין נעהמט אַרום דעם אַרטיסט, וועלכער פיהלט ניט און זעהט ניט, אַז ער איז אַרומגערינגעלט מיט אַ וואַנד פון פייער; אָט דער עקסטאַז נעהמט אַרום דעם סאָלדאַט, וועלכער ווערט ווילד פון קריעג און וויל זיך ניט אונטערגעבען אין פעלד; און דער זעלביגער עקסטאַז האָט אַרומגענומען באַק׳ן, וועלכער האָט געפיהרט די באַנדע, געבילט מיט אַ וואָלפישען טאָן, געצויגען זיך צו דער שפּייז, וואָס איז, אַ לעבעדיגע, געלאָפען פאַראויס אין דעם בלאַסען לבנה־שיין. ער האָט איצט געלאָזט הערען די טיעפ־סטע טיעפעניש פון זיין נאַטור, אַזוינע וואָס זיינען געווען טיעפער

פון איהם אליין און האָבען געפיהרט צוריק אין שוים פון דער צייט. אין האָט זיך איצט געהויבען די גרויסע כוואַליע פון לעבען, איהם האָט בעהערשט דאָס מעכטיגע געפיהל פון עקזיסטענץ, די מערקווירדיגע פרייד פון יעדען איינציגען מוסקול, אדער, געלענק, ווייל יעדעס איז געווען אַ היפוך פון טויט, יעדעס האָט געגליהט און געציטערט און געשטרעבט, יעדעס האָט זיך אויסגעדריקט אין בעוועגונג, איז בעגייסטערטען יאָגען זיך אונטער די שטערן, איבער דער אויבערפלאַך פון טויטער מאַטעריע, וואָס האָט זיך ניט גע־קענט בעוועגען.

שפּיץ, קאַלט און אויסגערעכענט אפילו אין זיינע שטאַרקסטע שטימונגען, האָט זיך אָבגעטהיילט פון דער באַנדע און דורכגע־שניטען אַ פּאַס לאַנד דאָרט וואו דאָס טייכעל האָט זיך פערקירע־וועט אין אַ לאַנגען בויגען. באַק האָט דערפון ניט געוואוסט; ווען ער האָט זיך פערקירעוועט מיט'ן בויגען, — דאָס ווייסע פראָסט־געשפּענסט, אַ גרעסערס ווי דאָס ערשטע, איז אראָבגע־שפּרונגען פונ'ם ברעג און איבערגעשניטען דעם וועג פונ'ם האָז. דאָס איז געווען שפּיץ. דער האָז האָט זיך ניט געקענט אויס־דרעהען, און ווען די ווייסע צייהן האָבען דורכגעבראָכען זיין האַלז־ביין אין דער לופטען, האָט ער ארויסגעלאָזט אַ געשריי ווי אַ מענש ווען ס'טהוט איהם וועה. דאָס האָט געשריען דאָס לע־בען אליין, שפּרינגענדיג פון די העכסטע שטופען פון לעבען אין די שטאַרקע אָרעמס פון טויט. ווען די באַנדע הינטער באַק'ן האָט דערהערט דאָס געשריי, האָט זי אויפגעהויבען אַ גאַנצען גיהנם פון פרעהליכע קולות.

באַק האָט געשוויגען. ער האָט זיך ניט אָבגעשטעלט, ער איז געלאָפען מיט דעם זעלביגען אימפּעט, זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף שפּיץ'ן, אַקסעל צו אַקסעל, אָבער אזוי שטאַרק, אַז ער האָט פער־פעהלט דעם האַלז. זיי האָבען זיך איבערגעקייקעלט עטליכע מאָל אין דעם דינעם שניי. שפּיץ האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס כמעט אזוי גרינג, ווי מ'וואָלט איהם גאָר ניט איבערגעקעהרט. ער האָט אויפגעטרענט באַק'ס פעל איבער דעם אַקסעל און אָבגע־

שפּרונגגען אַן אַ זייט. צוויי מאָל האָבען זיך זיינע צייהן צונויפ־געקלאַפּערט, ווי די שטאָהלענע ריפּען פון אַ פּאַסטקע, בשעת ער האָט זיך גערוקט צוריק כדי שטעהן פעסטער, און זייע דינע אונטערגעהויבענע ליפּען האָבען זיך געקרימט און געברומט.

ווי אַ בליץ האָט דורכגעלאָפען באַק'ן. ער האָט געוואוסט, אַז די צייט איז געקומען. אַ קאַמפּף ביז'ן טויט. ווען זיי האָבען זיך אַזוי געדרעהט, ברומענדיג, איינער ארום אנדערען, די אויערען פערלעגט אויף הינטען, זוכענדיג אַ גינסטיגען פונקט, האָט זיך באַק'ן אויסגעדאַכט אַז די גאַנצע סצענע איז איהם בעקאַנט. ער האָט דאָס, דאַכט זיך, אַלעס געדענקט: דעם ווייסען וואַלד, די ערד, די לבנה־שיין, די אויפרעגונג פון קאַמפּף, איבער דער וויים־קייט און שטילקייט איז געלעגען אַ פער'כשוף'ע רוה. נישט געווען קיין מינדסטער שאַרך אין דער לופט, קיין זאַך האָט זיך ניט גע־ריהרט, קיין בלאַט האָט ניט געציטערט. דער אָטהעם פון די הינד האָט זיך געהויבען, ווי אַ ווייסער וואָלקען, און געהאַנגען אין דער פראָסטיגער לופט. זיי האָבען געמאַכט אַ קורצען סכּ־הכּל פונ'ם האָז, אָט די הינט, וועלכע זיינען ערשט נעכטען געווען וועלף; און זיי זיינען איצט געשטאַנען אין אַ קרייז און געוואַרט. זיי זיינען געווען שטיל, די אויגען האָבען געברענט, און דער אָטהעם האָט זיך לאַנגזאַם געצויגען אַרויף. פאַר באַק'ן איז דאָס אַלעס ניט געווען מערקווירדיג, ניט געווען ניי, — אָט די סצענע פון פאַרצייטען. פונקט ווי ס'איז שטענדיג געווען אַזוי, פונקט ווי דאָס איז די געוועהנליכע זאַך.

שפּיץ איז געווען אַן ערפאַהרענער קעמפּפער. פון שפּיצבערגען אַן, דורך דער אַרקטישער געגענד, דורך קאַנאַדאַ און דעם מדבר־געביט פון אַלאַסקאַ, האָט ער זיך געמאַסטען מיט אַלערליי הינט און זיי בעהערשט. ער האָט געקעמפּפט מיט ביטערען צאָרען. אין זיין ווילדען חשק צו רייסען און פערניכטען האָט ער קיינמאָל ניט פערגעסען, אַז זיין שונא האָט פונקט אַזאַ חשק צו רייסען און פער־ניכטען. ער האָט קיינמאָל ניט געמאַכט קיין אַנפאַל ביז ער איז

ניט געווען פארטיג צו בעגעגענען אן אנפאל; קיינמאל ניט אטאַ־קירט איידער ער האָט ניט פריהער געשיצט די אטאקע.

אומזיסט האָט באַק זיך געפּרואווט אריינשטעקען די צייהן אינ׳ם האלז פונ׳ם גרויסען ווייסען הונד. אלעמאל ווען זיינע צייהן האבען זיך געווענדעט צום ווייכען פלייש, האבען זיי בעגעגענט די צייהן פון שפּיץ. א צאָהן האט געקלאפּט אהן א צאָהן, די ליפּען זיינען געווען צוהאקט און בעגאָסען מיט בלוט, אָבער באַק האט ניט געקענט כאַפּען זיין שונא אומגעריכטערהייט. דאן האָט ער זיך צוהיצט און איהם ארומגערינגעלט מיט א ווירבעל־ווינד פון שנעלע אטאקעס. נאָך אמאל און נאָך אמאָל האָט ער איהם געפּרואווט אנכאפּען ביי זיין שניי־ווייסען האלז, וואו דאָס לעבען האָט פולסירט אזוי נאָהענט אונטער דער אויבער־פלאַך, און יעדעס מאָל האָט איהם שפּיץ געביסען און אָבגעטרעטען. דאן האָט באָק געפּרואווט אן אנדער טריק. ער האָט זיך געוואָרפען צו שפּיץ׳ן, פונקט ווי ער וואָלט איהם געוואָלט אנכאַפּען ביים האלז, און פּלוצלונג פלעגט ער צוריקבויגען זיין קאָפּ און איהם אויסדרעהען אָן א זייט, אזוי אז זיין אקסעל פלעגט מיט קראפט זיך אנשטויסען אן דעם אנדערענ׳ס אקסעל, ווי א מויער־ברעכער אן א מויער, אויף אזא אופן האט ער איהם געוואָלט אומוואַרפען. אָבער יעדעס מאָל פלעגט יענער איהם אויפטרענען דאָס פלייש פון זיין אקסעל און גרינג אבשפּרינגען אן א זייט.

שפּיץ איז געווען אונבעריהרט, באָק איז שוין געווען בעגאָסען מיט בלוט און האָט שווער געכאַפּט דעם אָטהעם. דער קאמפּף האָט אנגעהויבען ווערען פערצווייפעלט. און די גאנצע צייט האָט דער שווייגענדיגער וואלפישער קרייז געוואַרט, גרייט צו מאַכען א סוף פון דעם, וואָס וועט ווערען בעזיעגט. ווען באָק האָט שוין ניט געקענט כאַפּען דעם אָטהעם, האט שפּיץ זיך גענומען וואַרפען אויף איהם, און יענעם האָט געקאָסט מיה בלייבען אויף די פיס. איינמאָל האָט זיך באָק איבערגעקעהרט, און דער גאנצער קרייז פון זעכציג הינד האָט זיך אונטערגעהויבען; אָבער ער האָט זיך




„אַ קאַמפּף ביז'ן טויט".

ווידער אויסגעגלייכט, כמעט ווי אין דער לופטען, און דער קרייז האט זיך אראבגעלאזט און געווארט.

באק האט פערמאגט איין אייגענשאפט, וואס האט געפיהרט צו גרויסקייט. ער האט פערמאגט פארשטעלונגס־קראפט. ער האט געקעמפפט מיט דעם כח פון אינסטינקטען, ער האט אבער פערשטאנען צו קעמפפען מיט'ן מח אויך. ער האט זיך א לאז געטהאן נאך שפיץ'ן, ווי איבער'חזר'נדיג דעם אלטען טריק מיט'ן אקסעל; ער האט זיך אבער אין דעם אויגענבליק אנגעבויגען צום שניי. מיט די צייהן האט ער אנגעכאפט שפיץ'ס לינקען פאדער־שטען פוס. ס'האט זיך דערהערט דאס קנאקען פון א צובראכע־נעם ביין, און יענער האט זיך שוין געקענט האלטען נאר אויף דריי פיס. דריי מאל האט באק געפרואווט איהם אומווארפען, דאן האט ער איבערגע'חזר'ט דעם טריק און איבערגעבראכען זיין רעכטען פאדערשטען פוס. ניט קוקענדיג אויפן ווערטאג און אויף דער אונבעהאלפענקייט, האט שפיץ נאך אלץ וואהנזיניג גע־קעמפפט צו דערהאלטען זיך ביי לעבען. ער האט געזעהן דעם שווייגענדען קרייז, מיט גליהענדע אויגען, אראבגהאנגענע צינגער, מיט דעם זילבערנעם אטהעם וואס הויבט זיך אין דער לופטען, און ער האט געוואוסט, אז דער קרייז וועט זיך צונויפציהען איבער איהם, פונקט ווי ער האט געזעהן אזוינע קרייזען פלעגען זיך אלע־מאל צונויפציהען איבער בעזיגטע פיינד. דער חילוק איז נאר, וואס איצט וועט ע ר זיין דער בעזיגטער.

ס'איז איהם ניט געבליבען קיין האפנונג. באק איז געווען אומדערבארעמדיג. רחמנות איז געווען א זאך, וואס פאסט פאר א מילדען קלימאט. ער האט זיך איצט געגרייט צו מאכען דעם לעצטען אנפאל. דער קרייז פון די הינט האט זיך שוין צונויפ־געצויגען אזוי נאהענט, אז ער האט געקענט פיהלען זייער אטהעם אויף זיינע זייטען. ער האט זיי געזעהן הינטער שפיץ'ן און ארום און ארום; זיי זיינען געווען האלב איינגעבויגען, גרייט צום שפרונג, אלע אויגען געווענדעט צו איהם. עפעס ווי א פאוזע איז פאר־געקומען. יעדער הונט איז געווען אונבעוועגליך, ווי פערשטיינערט.

נאָר שפּיץ האָט געציטערט און זיינע זייטען האָבען זיך געהויבען און געפאלען; ער האָט זיך געוואקעלט אהין און אהער און שרעקליך געברומט, ווי ער וואלט מיט זיין ברומען, וועלען אָבשרעקען דעם אונפערמיידליכען טויט. דאַן איז באַק צוגעשפּרונגען און אָבגעשפּרונגען; זיין אַקסעל איז ענדליך אויסגעקומען אין דער ברייט פון יענעמ'ס אַקסעל. דער טונקעלער קרייז איז געוואָרען אַ פלעק אויף דעם ווייסען, מיט לבנה־שיין בעגאָסענעם שניי, און שפּיץ איז פערשוואונדען אונטער'ן פלעק. באַק איז געשטאַנען דערביי און צוגעזעהן, — דער ערפאָלגרייכער קעמפּפער די הערשענדע פרי־מיטיווע חיה, וואָס האָט געפּרואווט צו טויטען און געפונען אַז ס'איז גוט.




עס האָט יעדען טאָג געשנעעט.

# דער פיהרער.



אס האב איך געזאגט, הא? דער באק איז צוויי טייוועלס, האב איך געזאגט, און דאס איז טאקע אמת.

אט אזוי האט זיך פראנסוא אנגערופען צו פערראלט'ן אוי מארגען אין־דער־פריה, ווען ער האט ענטדעקט, אז שפיץ איז ניטא און באק איז בעדעקט מיט וואונדען. ער האט צוגעפיהרט באק'ן צום פייער און אנגעוויזען אויף זיינע וואונדען.

— דער שפיץ בייסט ווי א שווארץ יאהר, — האט געזאגט פערראלט, בעטראכטענדיג די ריסען און די ארויסגעסטארטשעטע ריפען.

— דער באק בייסט ווי צוויי שווארץ יאהרען, — האט פראנסוא געענטפערט. — און איצט וועלען מיר שוין האבען א גיכערע רייזע. ניטא שפיץ, וועט ניט זיין קיין רייסערייען.

פערראלט האט איינגעפאקט די געלעגערס און דאס איבעריגע בעל־הבתישקייט און ארויפגעלעגט אויפ'ן שליטען. אין דער זעלבער צייט האט דער אנטרייבער געשפאנט די הינט. באק איז צוגעגאנגען און זיך אוועקגעשטעלט אויף דעם פלאץ, וואו שפיץ וואלט געשטאנען אלס פיהרער; אבער פראנסוא האט איהם ניט בעמערקט און צוגעפיהרט סאל־לעקס'ן צו דעם גוטען פלאץ. ווערליג ער האט פערשטאנען, איז סאל־לעקס געווען פעהיגער פון אלע איבערגעבליבענע הינד צו פיהרען דעם שפאן. באק איז צוגעשפרונגען צו סאל־לעקס'ן מיט א ווילדער רציחה, איהם אבגעטריבען און פערנומען זיין פלאץ.

— עהע! — האָט פראַנסוא אויסגעשריען, פּאַטשענדיג זיך איבער די זייטען אין גרוים התפעלות, — זעה נאָר דעם חברה־מאַן. ער האָט געטויט שפּיץ'ן, איצט וויל ער זיין דזשאָב.

— אוועק, ממזר! — האָט ער געזאָגט באַק'ן, אָבער יענער האָט זיך ניט גערירט.

ער האָט אָנגענומען באַק'ן ביים גאַניק, און כאָטש יענער האָט געברומט זעהר בייז, האָט ער איהם אָבגעשלעפּט אַן אַ זייט און אוועקגעשטעלט סאָל־לעקס'ן אויפ'ן פריהערדיגען פּלאַץ. דעם אַל־טען הונט איז די מעשה גאָר ניט געפעלען, און ער האָט געוויזען בע־שיינפערליך, אַז ער האָט מורא פאַר באַק'ן. פראַנסוא איז בעשטאַ־נען אויף זיינעם, אָבער אַז ער האָט אויסגעדרעהט דעם רוקען, האָט באַק ווידער זיך געשטעלט אויף סאָל־לעקס'עס פּלאַץ. יענער איז דוקא ניט געווען דערפאַר ברוגז.

פראַנסוא איז געווען אין כעס. „וואַרט, איך וועל דיר ווייזען!“ — האָט ער געזאָגט, און גענומען אַ שווערען שטעקען אין האַנד.

באַק האָט געדענקט דעם מאַן מיט'ן רויטען סוועטער, און האָט לאַנגזאַם אָבגעטרעטען. ווען מ'האָט סאָל־לעקס'ען ווידער אוועקגעשטעלט פאָרענט, האָט ער איהם שוין ניט געטשעפּעט. אָבער ער האָט זיך געדרעהט אַרום און אַרום, בלייבענדיג אויף אַזוי ווייט, אַז דער שטעקען זאָל איהם ניט דערלאַנגען, און וואַרטשענדיג מיט ביטערקייט און פייער. די גאַנצע צייט האָט ער ניט אַרויסגע־לאָזט דעם שטעקען פון די אויגען, גרייט אָבצושפּרינגען, ווען פראַנסוא זאָל איהם פּרופּען וואַרפען. וואָרום באַק איז איצט שוין געווען געניט אין הלכות שטעקען.

דער הינט־טרייבער האָט געטהאָן זיין אַרבייט. ווען ס'איז געקומען די צייט, האָט ער אַ רוף געטהאָן באַק'ן, כדי איהם אוועק־צושטעלען אויף זיין פריהערדיגען פּלאַץ נאָך דייוו'ן. באַק האָט אָפּגעטרעטען אויף צוויי אָדער דריי טריט. פראַנסוא איז איהר נאָכ־געגאַנגען; באַק האָט ווידער אָבגעטרעטען. אַזוי האָט געדויערט אַ שטיקעל צייט. פראַנסוא האָט אַוועקגעוואָרפען דעם שטעקען, ווייל ער האָט גערעכענט, אפשר האָט באַק מורא פאַר קלעפּ. אָבער

באק האט ארויסגעוויזען אן אפענעם ווידערשטאנד. ניט אויס־מיידען קלעפ האט ער איצט געוואלט, נאר זיין א פיהרער. דאס איז געוועזן זיין רעכט. ער האט דאס פערדיענט, און וועניגער האט ער ניט געוואלט.

פערראלט האט זיך אריינגעמישט. ביידע זיינען נאך איהם נאכגעלאפען שיעור ניט א גאנצע שעה. זיי האבען אויף איהם געווארפען שטעקענס. ער האט אויסגעמיטען די שטעקענס. זיי האבען איהם געשאלטען, איהם און זיינע פאטערס און מוטערס, און זיינע קינדער און קינדס־קינדער ביז דעם ווייטסטען דור; זיי האבען געשאלטען יעדע האר אויף זיין קערפער און יעדען טראפען בלוט אין זיינע אדערען. ער האט געענטפערט אויף קללות מיט א ווארטשע און זיך אלץ געהאלטען פון דער ווייטענס. זיי האבען איהם בשום אופן ניט געקענט כאפען. ער איז ניט אנטלאפען, ניט פערלאזען דעם לאגער. פערקעהרט, ער האט זיך ארומגעדרעהט גאר נאהענט, ער האט געוויזען אפען, אז אויב מ'וועט ערפילען זיין פערלאנג, וועט ער פאלגען און זיין וואויל און פיין.

פראנסוא האט זיך אוועקגעזעצט און געקראצט זיין פאטילניצע. פעררואלט האט א קוק געטהאן אויף'ן זייגער און ארויסגעלאזט א נייע קללה. די צייט איז ניט געשטאנען; זיי האבען שוין גע־דארפט זיין אין וועג מעהר ווי א שעה. פראנסוא האט זיך וויע־דער א קראץ געטהאן אין פאטילניצע, א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ און נאריש געשמייכעלט. פעררואלט האט א קנייטש געטהאן מיט די פלייצעס, ווי איינער רעדט: פערפאלען, מ'האט אונז בעזיעגט. דאן איז פראנסוא צוגעגאנגען צום פלאץ, וואו סאל־לעקס איז גע־שטאנען, און האט א רוף געטהאן באק'ן. באק האט געלאכט, ווי הינט לאכען, אבער ער האט זיך געהאלטען פון דער ווייטענס. פראנסוא האט אבגעבונדען סאל לעקס'ען לייצעס און איהם אוועק־געשטעלט אויף זיין פריהערדיגען ארט. די הינט זיינען איצט גע־שטאנען איינגעשפאנט אין איין רייה, פארטיג אין וועג אריין. וויע־דער האט פראנסוא א רוף געטהאן באק'ן, און ווידער האט יענער געלאכט און איז געבליבען פון דער ווייטענס.

— וואַרף אָוועק דעם שטעקען, — האָט פּערראַלט געהייסען.

פּראַנסואַ האָט געפאָלגט. דאַן איז באָק, לאַבענדיג וואָיל־יונגעריש, צוגעגאַנגען און פערנומען זיין פּלאַץ אין דער שפּיץ, מ'האָט צוגעבונדען זיינע לייצעס, אבגעריסען דעם שליטען פון דעם אייז,ביידע מענער זיינען געלאָפען ביי די זייטען, און דער שפּאַן האָט זיך אַ לאָז געטהאָן איבער'ן טייך.

וויפיעל פּראַנסואַ האָט פריהער ניט געשעצט באָק'ן מיט זיינע צוויי טייוועלס, האָט ער איצט, שוין אין אָנהויב טאָג, איהם געשעצט אַ סך מעהר. גאָר פון דער העלער הויט איז באָק געוואָרען אַ פיהרער — און אַ גלענצענדער פיהרער דערצו; וואו מ'האָט גע־דאַרפט אַ קלאָרען שכל, אַ שנעלע ענטשיידונג און גיכע האַנדלונג, איז ער געווען אפילו העכער פון שפּיץ'ן, וואָס פראַנסואַ האָט איהם געהאַלטען פאַר'ן בעסטען הונט אין דער וועלט.

אָבער באָק'ס אמת'ע גרויסקייט האָט זיך ארויסגעוויזען אין דעם, ווי ער האָט ארויסגעגעבען געזעצען און געצוואונגען זיינע חברים צו פאָלגען. דייוו און סאָל־לעקס האָבען זיך וועניג געקי־מערט, ווער ס'איז פיהרער. דאָס איז ניט געווען זייער זאַך. זייער זאַך איז געווען צו האַרעווען, און האַרעווען מעכטיג, אין שפּאַן. כל זמן קיינער האָט זיי ניט געטשעפּעט, האָט זיך מיט זיי ניט אַנ־געקעהרט, וואָס ס'טהוט זיך ארום און ארום. אפילו דער ווייכהער־ציגער בילי האָט געמעגט זיין פיהרער — ס'וואָלט זיי ניט גע־אַרט אַ האָר. אָבער די איבעריגע הינד האָבען אָנגעוואָרען זייער דיסציפּלין אין די לעצטע טעג פון שפּיץ'ס ממשלה, און זיי זיינען געווען זעהר פערוואונדערט, ווען זיי האָבען געזעהן, אַז באָק וויל זיי צווינגען צו זיין לייט.

פּייק, וואָס איז געגאַנגען אין שפּאַן הינטער באָק'ן און וואָס פלעגט ניט אָנווענדען קיין איבעריגען אונץ פון זיין געוויכט, ווען מ'האָט איהם דערצו ניט געצוואונגען, האָט דער ערשטער בעקומען זיין עהרליך אויסקומעניש: באָק האָט איהם עטליכע מאָל אָנגע־באַפּט און געטרייסעלט פאַר'ן קאַרק, און נאָך איידער דער ערשטער טאָג האָט זיך געענדיגט, האָט ער געשלעפּט געטרייער ווי ווען ניט

איז אין זיין לעבען. די ערשטע נאכט אין לאגער האט דזשאו, דער פערביטערטער, בעקומען א רעכטע שטראף — אן אונטערנעהמונג, וואס אפילו שפיץ'ן איז זי קיינמאל ניט געראטען. באק האט זיך אויף איהם פשוט ארויפגעווארפען מיט זיין גאנצער משא, געשטיקט איהם און געביסען אזוי לאנג, ביז יענער האט אויפגעהערט בייסען צוריק און גענומען, קאוויוטשענדיג, בעטען רחמנות.

דער אלגעמיינער טאן פון דער חברה האט זיך שנעל פערבעסערט. עס האט זיך אומגעקעהרט די פריהערדיגע אחדות, און די הינט זיינען ווידער געשפרונגען אין די לייצעס ווי איין הונט. אין רינק רעפידס האט מען צוגעקויפט צוויי ארטיגע ווילדע הינט, און באק האט זיי אזוי שנעל צוגעוועהנט צום שפאן, אז ביי פראנסוא האט פשוט פערכאפט דער אטעם.

— ניט געווען, זאג איך אייך, אויף דער וועלט אזא הונד, ווי באק! — האט ער געשריען. — ניין, קיינמאל ניט! ער איז ווערטה טויזענד דאלאר, אויף מיינע נאמנות! וואס זאגט איהר, פערראלט, הא?

פערראלט האט געשאקעלט מיט'ן קאפ אויף יא. די רייזע איז איצט געגאנגען שנעלער, ווי מ'האט ערווארטעט, און ער האט מיט יעדען טאג געוואונען מעהר צייט. דער וועג איז געווען אויסגעצייכענט: גוט איינגעריבען און הארט, קיין נייער שניי איז ניט געפאלען, איז דאס פאהרען געווען גרינג. די קעלט איז אויך ניט געווען איבעריג שטארק. ס'איז געשטאנען נאכאנאנד א טעמפעראטור פון פופציג אונטער נול, און האט זיך ניט געענדערט אין משך פון דער גאנצער רייזע. די מענער האבען זיך געביטען: איינער איז געפאהרען אויפ'ן שליטען, דער אנדערער געלאפען, און די הינט האבען זיך געטראגען פייל אויסען בויגען. אבגעשטעלט האט מען זיך ניט אפט.

דער טייך פון די „דרייסיג מייל" איז געווען שוין מעהר אדער וועניגער בעדעקט מיט אייז, און זיי זיינען איין טאג אבגעפאהרען אזוי פיעל, וויפיעל ס'האט זיי פריהער געדויערט צעהן. מיט איין שפרונג האבען זיי דורכגעמאכט די רייזע פון דעם עק

פון דער אַזוערע לע באַרזש ביז דעם וואַסער־פאַל פונ׳ם „ווייסען פערד". איבער מאַרש, טעגיש און בעננעט (אַ שטרעקע ביז זיבעציג מייל איבער אָזערעס) זיינען זיי געלאָפען אַזוי שנעל, אַז דער מאַן, וואָס האָט געדאַרפט נאָכגעהן נאָכ׳ן שליטען, האָט זיך צוגעבונדען מיט אַ שטריק און זיך האַלב געלאָזט ציהען. די לעצטע נאַכט פון דער צווייטער וואָך האָבען זיי דערגרייכט דעם ווהייט פּעסס און זיך אַראָבגעלאָזט אַראָב מיט דער אָזערע. אונטען האָבען שוין גע־ברענט די ליכטער פון סקאַגוויי און פון די שיפען.

זיי האָבען געשלאָגען דעם רעקאָרד פונ׳ם יאָהר. פערצעהן טעג זיינען זיי געפאָהרען, דורכשניטליך פערציג מייל אַ טאָג. דריי טעג האָבען פּראַנסואַ און פּעררעלט אַרומגעוואָרפען קעסטלעך אין דער הויפט־גאַס פון סקאַגוויי און מ׳האָט זיי פערשאָטען מיט איינ־לאַדונגען אויף אַ טרונק בראַנפען. די ליעבהאָבער און קענער פון הינט האָבען ניט אויפגעהערט צו לויבען און ריהמען דעם שפּאַן. שפּעטער האָבען עטליכע שלעכטע מענשען פון מערב־לאַנד געפּרופט בעראַבעווען די שטאָדט; פאַר דעם שטיקעל אַרבייט האָט מען זיי דורכגעלעכערט ווי אַ רעשעטע, און דער געזעלשאַפטליכער איינ־טערעס האָט זיך אָוועקגעקעהרט צו נייע געטער. באַלד זיינען אָנגעקומען אָפיציעלע בעפעהלען. פּראַנסואַ האָט צוגערופען באַק׳ן, אַרומגענומען איהם מיט זיינע אָרעמס, געוויינט איבער איהם. און דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס באַק האָט געזעהן פּראַנסואַ און פּעררעלט׳ן. ווי פיעלע אַנדערע מענשען, זיינען די צוויי פער־שוואונדען פון זיין לעבען — און אויס.

ער איז איבערגעגאַנגען מיט זיינע חברים אין די הענד פון אַ האַלב־אינדישען שאָטלענדער, און צוזאַמען מיט אַ טוץ אַנדערע קאַמפּאַניעס הינט האָבען זיי זיך אָוועקגעלאָזט אויפ׳ן שווערען וועג קיין דאָסאָן. איצט איז דאָס שוין ניט געווען קיין גרינג לויפען; מ׳האָט ניט געשלאָגען קיין רעקאָרדס אין שנעלקייט; מ׳האָט שווער געהאָרעוועט טאָג־איין, טאָג־אויס, מיט אַ שווערען שליטען הינ־טען. ווארום דאָס איז געווען דער פּאָסט־צוג; מ׳האָט געפיהרט

נאכריכטען פון דער גרויסער וועלט צו די מענשען, וואס האבען גע־
זוכט גאלד אונטער'ן שאטען פונ'ם נארד־פאל.

באק'ן איז דאס ניט געווען צום הארצען, אבער ער האט געטהאן
זיין ארבייט געטריי, ווייל דאס האט איהם פערשאפט שטאלץ, ווי
דייוו'ן און סאל־לעקס'ן. אויך האט ער געזעהן, אז די איבעריגע
זאלען טהאן זייער חלק ארבייט מיט יושר, צו זיי זיינען שטאלץ דער־
מיט, צו ניט. דאס איז געווען מאנאטאנע ארבייט, געטהאן מיט
דער פינקטליכקייט פון א מאשין. איין טאג איז געווען עהנליך
צום צווייטען. יעדען פריה־מארגען אין א בעשטימטער צייט פלע־
גען די קוכערס זיך בעווייזען, צולעגען א פייער, פארטיג מאכען
פריהשטיק. נאכ'ן עסען פלעגען איינינע צונויפלעגען די געצעלטען,
אנדערע האבען איינגעשפאנט די הינט, און נאך איידער ס'האט זיך
ארויפגעלאזט די גדיכטע טונקעלהייט, וואס איז געווען אן אנזאג,
אז ס'ווערט באלד טאג, איז מען שוין א גאנצע שעה געווען אין וועג.
ביינאכט האט מען זיך אבגעשטעלט און געמאכט א לאגער. איי־
ניגע פלעגען צונויפשטעלען א געצעלט, אנדערע האבען געהאקט
האלץ אויף צו הייצען און סאסנאווע צווייגען אויף געלעגערס, און
נאך אנדערע האבען געטראגען וואסער אדער אייז פאר די קוכערס.
אויך האט מען געהאדעוועט די הינט. פאר זיי איז דאס געווען די
איינציגע גוטע שעה אין טאג, אבוואהל נאכ'ן עסען איז געווען א
פערגעניגען ארומצולויפען אביסעל מיט די איבעריגע הינט. סך
הכל איז געווען אריבער א מאה הינט, צווישען זיי געפעהרליכע
קעמפפער. אבער דריי מלחמות מיט די שטארקסטע פון זיי הא־
בען באק'ן געגעבען א הערשאפט איבער אלע, אזוי אז ווען ער
פלעגט זיך אנבלאזען און ווייזען ד' צייהן, איז איהם יעדער אב־
געטראטען דעם וועג.

מעהר פון אלצדינג האט ער ליעב געהאט צו ליגען לעבען פייער,
די הינטערשטע פיס אונטער זיך, די פאדערשטע אויסגעשטרעקט פא
רענט, דער קאפ אויפגעהויבען, די אויגען פינטלענדיג טרוימעריש
און קוקענדיג אין פייער אריין. אפטמאל פלעגט ער טראכטען

וועגען דעם גרויסען הויז פון ריכטער מיללער אין דעם גאָט־גע־בענשטען סאַנטאַ קלאַרא־טהאַל, וועגען דעם צעמענטענעם שווים־באסיין, וועגען איזאבעל, דעם נאַקעטען מעקסיקאנישען הונט, און טוטס, דעם יאפאנעזער; אָבער אָפטער פלעגט ער זיך דערמאָנען וועגען דעם מאַן אין רויטען סוועטער, וועגען דעם טויט פון קוירלי, דעם גרויסען קאַמפף מיט שפּיץ'ן, וועגען די גוטע זאכען, וואָס ער האָט געגעסען און וועט נאָך עסען. ער האָט ניט געבענקט צוריק. דאַס זון־לאַנד איז געווען ווייט, ווי פערצוויגען מיט אַ נעבעל, און די עראינערונגען פון יענעם לאַנד האָבען איבער איהם ניט געהאַט קיין שליטה. פיעל שטאַרקער זיינען געווען די עראינערונגען, וואָס זיינען צו איהם איבערגעגאַנגען בירושת פון דור דורות און וואָס צוליעב זיי זיינען מאָדנע, קיינמאָל ניט געזעהענע זאכען איהם איצט פאַרגעקומען ווי בעקאַנט. די אינסטיקטען (עראינערונגען פון זיינע אור־עלטערן, פערוואַנדעלט אין אַ געוואוינשאַפט) וועל־כע זיינען ביסלעכווייז פערשוואונדען אין שפּעטערע יאָהרען, האָבען איצט אויפגעוואַכט אין איהם און בעקומען נייע קראַפט.

צייטענווייז, ווי ער פלעגט אַזוי ליגען, פינטלענדיג מיט די אויגען ביים שיין פונ'ם פייער, פלעגט זיך איהם אויסדראַכטען, אַז דאָס איז דער שיין פון אַן אַנדער פייער, און אַז ער ליגט לעבען יענעם פייער און זעהט אַן אַנדער מענש, גאָר ניט עהנליך צום האַלב־אינדישען קוכער, וועלכער זיצט דאָ לעבען איהם. יענער האָט גע־האָט קירצערע פיס און לענגערע אָרעמס; זיינע מוסקעלן זיינען ניט געווען קייַלעכדיג און פּוכקע, נאָר האָבען אויסגעזעהן ווי שטריק־לעך מיט קניפּען. דעם מענשענ'ס האָר זיינען געווען לאַנג און צושויבערט, און אַנהויבענדיג פון די אויגען, איז זיין קאָפּ אונטער די האָר געווען משופּע אַרויף. ער האָט אַרויסגעלאָזט מאָדנע קולות, און האָט, קענטיג, זעהר מורא געהאַט פאַר דער פינסטערניש. די גאַנצע צייט פלעגט ער אויפמערקזאַם קוקען אין דער פינסטער־ניש מיט זיינע אויגען, און אין דער האַנד, וואָס האָט אַראָבגעהאַנ־גען נידעריגער פון זיינע קניע, האָט ער געהאַלטען אַ שטעקען מיט אַ שווערען שטיין צוגעבונדען צום עק. דער מענש איז געווען כמעט

נאַקעט; נאָר איבער זיין רוקן איז טהיילווייז אראָבגעהאַנגען אַ צורימענע האַלב־אָבגעסמאָליעטע פעל, אָבער אויף זיין קערפּער איז געווען אַ סך האָר. אין איינינע ערטער, אויף דער ברוסט, אויף די אַקסלען, אויף דער אויסוועניגסטער זייט פון זיינע אָרעמס און פיס, זיינען די האָר כמעט געווען אַזוי געדיכט, ווי אַ פוטער. זיי איז ניט געשטאַנען גלייך; דער אויבערשטער טהייל פון זיין קערפּער, אָנהויבענדיג פון די דיכען, איז געווען אריבערגעבויגען אויף פאָ־רענט; די פיס זיינע האָבען זיך געבויגען אין די קניע. זיין קער־פּער איז געווען איינגאַנצען ווי אַן אָנגעצויגענע ספּרוזשינע; ער האָט שנעל געקענט אונטערשפּרינגען, ריהרעוודיג ווי אַ קאַץ, און איינגאַנצען איז ער געווען אָנגעשטרענגט, אויפמערקזאַם, פאַרטיג צו לויפען, ווי איינער וואָס לעבט אין שטענדיגען פּחד פאַר גע־זעהענע און אונגעזעהנע זאַכען.

אַן אַנדער מאָל פלעגט אָט דער האָריגער מענש זיצען איינגע־הויקערט ביים פייער, דעם קאָפּ צווישען די פיס, און שלאָפען. דאַמאָלט פלעגען זיינע עלענבויגענס אויסקומען אויף זיינע קניע, די הענד צונויפגעלעגט איבער'ן קאָפּ, כדי דער רעגען זאָל אראָב־רינען איבער די האָריגע אָרעמס. און הינטער'ן פייער, אין דעם קרייז פון פינסטערניש, האָט באַק געזעהן אַ סך גליהענדע קוילען, כסדר צו דער פּאָאָר, צוויי און צוויי, און ער האָט געוואוסט, אַז דאָס זיינען די אויגען פון גרויסע רויב־חיות. ער האָט געקענט הערען, ווי די צווייגען קנאַקען, ווען די חיות רוקען זיך דורך די געדיכטע קוסטעס אין וואַלד, ער האָט געקענט הערען זייערע קולות. און אַזוי ליגענדיג און טרוימענדיג ביים ברעג פון יוקאָן, קוקענדיג מיט פערשלאָפענע אויגען אין פייער אריין, פלעגט באַק ווערען אויפ־גערעגט פון די שטימען און די זעהונגען פון אַן אַנדער וועלט, די האָר פלעגען זיך איהם אויפשטעלען אוי'ן רוקען, אויף די פּליי־צעס און אויפ'ן האַלז, און ער פלעגט אָנהויבען אונטערוואַיען שטיל און בעטריבט, אָדער ער האָט ווייך געוואָרטשעט, און דער האַלב־אינדישער קוכער פלעגט שרייען: „העי דו, באַק, שטעה אויף!“ דאַן פלעגט די אַנדערע וועלט פערשווינדען און די אמת'ע וועלט

פלעגט ווידער שטעהן פאר זיינע אויגען. ער פלעגט זיך אויפהויבען און גניצען און זיך ציהען, אקוראט ווי נאך א שלאף.

ס'איז געווען א שווערע רייזע מיט דער פאסט, און די אנגע־שטרענגטע ארבייט האט פערמאטערט די הינט. זיי זיינען געווען מאגער און האבען אויסגעזעהן זעהר שלעכט, ווען זיי זיינען אנגע־קומען קיין דאסאן. דא וואלטען זיי געדארפט רוהען וועניגסטענס א וואך אדער צעהן טעג. אבער אין צוויי טעג ארום האבען זיי זיך שוין ווידער אוועקגעלאזט לעבען די באראקען אראב בארג, צום יוקאן צו, אנגעלאדען מיט בריעף, וואס מ'האט געדארפט אוועק־פיהרען אין דער גרויסער וועלט אריין. די הינד זיינען געווען מיעד; די אנטרייבערס האבען געווארטשעט; צו די צרות האט נאך אנגעהויבען פאלען א געדיכטער שניי. דאס האט געהייסען, אז דער וועג וועט זיין ווייך, די רייבונג פון די שליטען גרעסער, און די הינט וועלען דארפען שלעפען מיט מעהר כח. די אנטריי־בערס זיינען דאך געווען זעהר געטריי, און האבען געהאלפען די הינט מיט וואס זיי האבען געקענט.

יעדע נאכט פלעגט מען פריהער בעזארגען די הינט. מ'האט זיי געגעבען עסען איידער די אנטרייבערס האבען זיך געזעצט עסען, און קיינער פון די מענער פלעגט ניט אריינקריכען אין זיין שלאף־זאק איידער ער האט ניט בעטראכט די פיס פון זיינע הינט. דאך האבען זיי זיך ארויסגעשלאגען פון די כחות. אכטצעהן הונדערט מייל האבען זיי געמאכט זינט אנהויב ווינטער, און איבער דער גאנצער שטרעקע האבען זיי געשלעפט הינטער זיך די שליטענס. אכטצעהן הונדערט מייל מוזען זיך אפרופען אפילו אויפ'ן געזינד־סטען. באק האט זיך געהאלטען; ער האט נאך געצוואונגען זיינע חברים צו ארבייטען און צו האלטען דיסציפלין, האטש ער אליין איז אויך געווען זעהר מיעד. ביללי האט אלע נאכט געוויינט און געכליפעט אין שלאף. דזשאָו איז געווען בייזער ווי שטענדיג, און צו סאל־לעקס'ן האט מען ניט געטארט צוטרעטען ניט פון דער בלינדער, ניט פון דער זעהענדיגער זייט.

אבער מעהר פון אלע האט געליטען דייוו. עפעס איז מיט איהם

געווען ניט גלאַט. יער איז געוואָרען כמורנער און בייזער, און ווען מ׳האָט זיך אָבגעשטעלט אויף נאַכט־לאַגער, פלעגט ער באַלד זיך מאַכען אַ נעסט, וואוהין דער אַנטרייבער פלעגט איהם שוין ברענגען זיין עסען. קוים האָט מען איהם אויסגעשפּאַנט, פלעגט ער זיך אַוועקלעגען און ניט שטעהן אויף די פיס ביז מ׳האָט געדאַרפט שפּאַנען אין־דער־פריה. אין וועג, ווען דער שליטען פלעגט זיך פּלוצלונג אָפּשטעלען און איהם געבען אַ שלעפּ, אָדער ווען מ׳האָט זיך געדאַרפט אָנשטרענגען צו ריהרען דעם שליטען פון אָרט, פלעגט ער קוויטשען פאַר וועהטאָג. דער אַנטרייבער האָט איהם בעטראַכט, נאָר ער האָט גאָרניט געפונען. אַלע איבעריגע אַנטרייבער האָבען זיך אין איהם פעראינטערעסירט. זיי פלעגען ריידען פון איהם ביים עסען, אָדער רויכערענדיג די לעצטע לולקעס פאַר׳ן שלאָף, און איין נאַכט האָבען זיי אפילו געהאַט אַ קאָנסיליום. זיי האָבען איהם ארויסגענומען פונ׳ם נעסט און געבראַכט צום פייער און גע־קוועטשט און געטאַפּט, ביז ער האָט געקוויטשעט עטליכע מאָל. עפּעס האָט איהם וועה געטהאָן אינווייניג, זיי האָבען אָבער ניט גע־קענט געפינען קיין צובראָכענע ביינער און האָבען ניט געוואוסט, וואָס דאָס איז.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין קאססיאר בעי, איז יער געווען אזוי שוואַך, אז ער איז שוין עטליכע מאָל געפאַלען אין שפּאַן. דער טרייבער האָט אָבגעשטעלט די הינט און איהם אויסגעשפּאַנט, און אַריינגעשטעלט סאָל־לעקס׳ן אויף זיין אָרט. ער האָט געוואָלט, אַז דייוו זאָל אויסרוהען, לויפענדיג הינטער׳ן שליטען. אָבער דייוו, ווי קראַנק ער איז ניט געווען, האָט ער דאָך ניט געוואָלט ארויס פון שפּאַן; ער האָט געוואָרטשעט און געברומט, ווען מ׳האָט אָבגעבונדען זיינע לייצעס, און האָט ביטער געקאַוויטשעט ווען ער האָט געזעהן, אַז סאָל־לעקס פערנעהמט דעם פּלאַץ, וואָס איז געווען זיינער און וואָס ער האָט אין איהם געטריי געדיענט אַזאַ לאַנגע צייט. ער איז געווען פול מיט דעם שטאָלץ פון ארבייט אין שפּאַן, און כאָטש ער איז געווען טויט־קראַנק, האָט יער ניט געקענט צוזעהן, אַז אַנדערע זאָל טהאָן זיין ארבייט.

ווען דער שליטען האָט זיך ווידער געלאָזט פאָהרען, האָט ער זיך געלאָזט לויפען אין ווייכען שניי לעבען דעם איינגעריבענעם וועג, אַלעמאָל אַנפאַלענדיג אויף סאַל־לעקס׳ן, בייסענדיג איהם מיט די צייהן אויף דער אַנדערער זייט וועג. אַלעמאָל האָט ער געפּרופט אריינשפּרינגען אין זיינע לייצעס, זיך שטעלען צווישען סאַל־לעקס׳ן און דעם שליטען, און די גאַנצע צייט האָט ער געוויינט און געקוויטשעט און געשריגען מיט וועהטאָג און צער. דער אַנטרייבער האָט איהם געוואָלט אַוועקיאָגען מיט דער בייטש; אָבער יענער האָט זיך ניט געקימערט וועגען די שמיץ, און דער מאַן האָט קיין האַרץ ניט געהאַט צו שמייסען שטאַרקער. דייוו האָט ניט געוואָלט נאָכלויפען רוהיג הינטער׳ן שליטען, וואו ס׳איז געווען גרינג צו געהן, נאָר ער האָט זיך געשלעפּט ביים זייט, אין ווייסען שניי, וואו יעדער טריט האָט געקאָסט מיה, ביז ער האָט זיך אינגאַנצען ארויסגעשלאָגען פון די כחות. דאַן איז ער אומגעפאַלען און געבליבען ליגען און טרויעריג געוואָיעט, ווען דער שליטען איז פאַרביי־געפאָהרען לעבען איהם מיט אַ רעש.

מיט דעם לעצטען ביסעל כחות האָט ער זיך ווידער אויפגעהויבען און זיך קוים מיט צרות אַנגעשלעפּט הינטען, ביז דער צוג האָט זיך אָבגעשטעלט. דאַן איז ער פאַרביי־געגאַנגען אַלע שליטען און צוגעקומען צום זייניגען און זיך אָבגעשטעלט לעבען סאַל־לעקס׳ן. זיין אַנטרייבער האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָבגעשטעלט צו פערראויכערען די ליולקע ביים מאַן וואָס איז געגאַנגען הינטער איהם. דאַן האָט ער זיך אומגעקעהרט און געהייסען די הינט געהן. יענע האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן איבער׳ן וועג גאָר אָהן שום אַנשטרענגונג, אָבער באַלד האָבען זיי אומרוהיג אויסגעדרעהט די קעפּ און זיך אָבגעשטעלט אין גרויס איבערראַשונג. דער אַנטרייבער איז אויך געווען איבערראַשט: דער שליטען האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט. ער האָט צוגערופען זיינע חברים און זיי געוויזען, וואָס ס׳איז געשעהן. דייוו האָט איבערגעביסען סאַל־לעקס׳עס לייצעס און איז געשטאַנען לעבען שליטען, אויף זיין פריהערדיגען פּלאַץ.

ער האָט זיך געבעטען מיט די אויגען, מען זאָל איהם לאָזען.

דער אַנטרייבער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טהאָן. זיינע חברים האָבען דערצעהלט איינער דעם אנדערען, ווי אזוי א הונט האָט גע־קענט אויסגעהן פאר עגמת נפש, ווייל מען לאָזט איהם ניט טהאָן די ארבייט, וועלכע טויט איהם; זיי האָבען דערמאָנט פאַקטען, ווי אַלטע הינט, אונפעהיג צו געהן אין שפאַן, זיינען געשטאָרבען ווייל מ'האָט זיי ארויסגעלאָזט פריי. לויט זייער מיינונג איז אויס־געקומען, אז אזוי ווי דייוו דאַרף סיי ווי שטאַרבען, טאָ זאָל ער שטאַרבען אין שפאַן, רוהיג און צופריעדען. האָט מען איהם ווידער איינגעשפאנט, און ער האָט ווידער געשלעפט מיט פערגעניגען, אָב־וואהל ער האָט ניט איינמאָל געקוויטשעט פון אינוועניגסטע וועה־טאָג. עטליכע מאָל איז ער אומגעפאלען און זיך נאָכגעשלעפט איבער דער ערד, און איינמאָל איז אפילו דער שליטען אריבער־געפאָהרען איבער איהם, אזוי אז ער האָט שוין נאָכדעם געהונקען אויף א הינטערשטען פוס.

אָבער דאָך האָט ער אויסגעהאלטען ביז מ'האָט זיך אָבגע־שטעלט אויף נאַכט־לאַגער. דער אַנטרייבער האָט פאר איהם גע־מאַכט א פלאַץ לעבען פייער. אין־דער־פריה איז ער שוין געווען צו שוואַך פאר דער רייזע. ווען מ'האָט גענומען שפאַנען, האָט ער געפרופט צוקריכען צו זיין אַנטרייבער. מיט א קאָנוואולסיווער אנשטרענגונג האָט ער זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס, זיך א וואַ־קעל געטהאָן און געפאלען. דאַן האָט ער לאנגזאם זיך אונטערגע־רוקט צו דעם פלאַץ, וואו מ'האָט געשפאנט זיינע חברים. ער האָט פריהער ארויסגעשטרעקט זיינע פאָדערשטע פיס, אונטערגערוקט ביסלעכווייז זיין קערפער, דאַן ווידער אויסגעשטרעקט די פאָדער־שטע פיס און ווידער זיך אונטערגערוקט אויף א פאָר אינטשעס. די כחות האָבען איהם פערלאָזען, און זיינע חברים האָבען איהם דאָס לעצטע מאָל געזעהן ליגענדיג מיט א שווערען אָטעם און נאָכ־קוקענדיג נאָך זיי. געהערט האָבען זיי איהם אָבער א לענגערע צייט וואַיענדיג מיט א טרויעריגען קול, ביז זיי האָבען זיך פערקירעוועט הינטער א וואַנד פון געהילץ, וואָס דער טייך האָט אַנגעטראָגען אויף דעם אָרט.

דאָ האָט זיך דער צוג אָבגעשטעלט. דער שאָטישער אָנטרייי־
בער האָט זיך לאַנגזאַם אומגעקעהרט צום לאַגער, וואָס זיי האָבען
אָקאָרשט פערלאָזען. די מענער האָבען אויפגעהערט ריידען. ס'האָט
זיך דערהערט אַ רעוואָלווער־שאָס. דער מאַן האָט זיך שנעל צוריק־
געקעהרט. די בייטשען האָבען געקנאַלט, די גלעקלעך האָבען פרעה־
ליך געקלונגען, די שליטען האָבען זיך געגליטשט איבער'ן וועג;
אָבער באַק האָט געוואוסט, און יעדער הונד האָט געוואוסט, וואָס
ס'האָט זיך אָבגעטהאָן דאָרט, הינטער דער וואַנד פון געהילץ ביים
טייך.




„פליסענדע וואַסער“.

# אין יאָך פון שפּאַן.



רייסיג טעג נאָכדעם, ווי די פּאַטשט פון די „געזאַל־צענע וואַסערען" האָט פערלאָזען דאַסאַן, איז זי, געשלעפּט פון באַק און זיינע חברים, אָנגעקומען קיין סקאַגוועי. די הינט זיינען געווען אין אַן עלענדען צושטאַנד, אויסגעדאַרט און אויסגעקוואַרט. באַק'ס הונדערט און פערציג פונט זיינען איינגעשרומפּען צו הונדערט און פופצהן. די איבעריגע פון דער קאָמפּאַניע, כאָטש לייכטערע אין וואָג, האָבען פערהעלניסמעסיג פערלאָרען מעהר ווי ער. פּייק, דער שווינדלער, וועלכער האָט אָבגעלעבט אַ לעבען אין אָבנאַרעריי און פלעגט אָפט קונציג נאָכמאַכען אַ הינקעדיגען, האָט איצט געהונקען אויף אַנ'אמת. אויך סאָל־לעקס האָט געהונקען, און דייו האָט געליטען פון אַן אויסגעלינקטער לאָפּעטקע.

אַלע האָבען געהאַט געשוואָלענע, שרעקליך צוואַוואונדעטע פיס. די אברים האָבען אָנגעוואָרען זייער בויגיגקייט די פיס האָבען שווער געזונקען אין שניי, פערשאַפט די קערפּערס איבעריגע אָנ־שטרענגונג און פערדאָפּעלט די מידקייט פון אַ טאָג רייזע. עס איז אין זיי גאַרנישט געבליבען נאָר טויטליכע מידקייט. דאָס איז ניט געווען יענע מידקייט, וואָס קומט פון לאַנגזאַמער, אונאויפ־הערליכער, חדשים־לאַנגער ארבייט. עס איז אפילו קיין כח ניטאָ צו ערהאָלען זיך; ניטאָ קיין רעזערוו, פון וואַנען צו שעפּען. אַלץ אויסגענוצט ביז צום לעצטען טראָפּען. יעדער מוסקעל, יעדער

נערוו, יעדע צעלע אויסגעשעפּט, מיעד, טויטליך מיעד. און וואָס איז דער חידוש? אין ווענינער ווי פינף מאָנאַטען האָבען זיי דורכגעמאַכט 25 הונדערט מייל, די לעצטע אכצעהן הונדערט נאָר מיט פינף טעג אַברוה. ווען זיי האָבען זיך דערשלעפּט ביז סקאַג־וועי, האָבען זיי זיך קוים געהאַלטען אויף די פיס. זיי האָבען כמעט ניט געקענט האַלטען די לייצעס אָנגעצויגען. בארג אראָב פלעגען זיי קוים אויסמיידען דעם שליטען, וואָס האָט געשפּאַרט פון הינטען.

„מאַש, מאַש! אָרימע, געשוואָלענע פיסעלעך!" האָט דער אָנ־טרייבער זיי געמונטערט, ווען זיי זיינען געקראָכען איבער דער הויפּט־גאַס פון סקאַגוועי. 'נאָר נאָך אַביסעלע, און איהר קריגט אַ לאַנגען, לאַנגען אַברוה. עה? זיכער! שוין איינמאָל אַן אַב־רוה!"

די אָנטרייבער האָבען זיך אַליין גערעכט אויף אַ לאַנגען אַברוה. אינ'ם משך פון די לעצטע צוועלף הונדערט מייל האָבען זיי גערוהט סך הכל צוויי טעג. על פּי שכל און על פּי יושר האָבען זיי פערדיענט אַ שטיקעל יום טוב. אָבער אַזוי פיעל מענשען זיינען זיך אַנגעלאָפען קיין קלאָנדייק און אַזוי פיעל ווייבער, געליעבטע און קרובים זיינען פערבליבען אין דער היים, אַז פּאָטשט האָט זיך אָנ־געזאַמעלט גאַנצע בערג, ממש אַלפּען־בערג; דערצו נאָך אַפּי־ציעלע פּאַפּירען. אַ נייע חאַפּטע הינט פון האַדסאָן בעי האָט געדאַרפט פערנעהמען דעם פּלאַץ פון די אַלטע, וואָס זיינען געווען אַבגעניצט און ניט געטויגט פאַר אַ נייער רייזע. ווער רעכענט זיך מיט הינט, ווען דאָלאַרס שטעהען אין קאַן? פון די אַבגעניצטע און ווערטהלאָזע האָט מען געדאַרפט פּטור ווערען. פערקויפט און אַן עק.

ערשט נאָך דריי טעג רוה האָבען באַק און זיינע חברים איינגעזע־פונען ווי מיעד און שוואַך זיי זיינען. אָבער שוין אויפ'ן פערטען פריהמאָרגען זיינען געקומען צוויי מענער פון די שטאַאַטען און האָר בען פאַר גאָרנישט אַבגעקויפט די הינט צוזאַמען מיט'ן געשפּאַן. די צוויי האָבען איינער דעם אנדערען גערופען „האַל" און „טשאַרלז".

טשארלז איז געווען א מיטעל־יעהריגער מאן, מיט א ליכטיגען פנים, מיט מאטע וואסערדיגע אויגען, מיט שטאלץ פערדרעהטע וואנצעס, וואס האבען געמאכט אן אנשטעל פון גרויס בריה'שקייט, בעת אין דער אמת'ען האבען זיי פערשטעלט פויל אבגעלאזענע ליפען. האל איז געווען א בחור פון א יאהר ניינצעהן־צוואנציג, מיט א גרוי־סען קאלט־רעוואלווער, מיט א יאגד־מעסער, צוגעבונדען צום לע־דערנעם פאס, פון וועלכען פאטראנען האבען ארויסגעשטארצט אין א בליסטשענדיגער רייה. פון זיין גאנצער הלבשה האט דער פאס זיך אם מעהרסטען געווארפען אין די אויגען. ער האט געדארפט אנ־זאגען דער וועלט, אז דא שטעהט פאר אייך א פערהארטעוועטער מאן — א מאן פון שטאל און אייזען. אבער עס איז קלאר געווען, אז די צוויי מענער פאסען ניט אהער. ווי קומען זיי אין ווייטען צפון? דאס איז איינער פון יענע סודות, וואס בלייבען אויף אייביג אונפערשטענדליך.

באק האט געהערט, ווי די מענער האבען זיך געדונגען מיט'ן רעגיערונגס־אגענט, ער האט געזעהן געלד איבערגעהן פון האנד צו האנד און האט שוין פערשטאנען, אז דער האלב־אינדישער שאט־לענדער און די געניטע פאטשט־טרייבער זיינען פערשוואונדען פון זיין לעבען, פונקט ווי פעררא‏לט און פראנסוא און אנדערע פאר זיי. ווען מ'האט באק'ן און זיינע חברים געבראכט אינ'ם לאגער פון די נייע בעלי־בתים, איז דארט געווען תהו ובוהו, דאס געצעלט האלב אויפגעשטעלט, די כלים ניט דערוואשען, אלצדינג צוואו־רפען אין א ווירוואר. א פרוי האבען זיי אויך דארט דערזעהן. די מענער האבען זי גערופען „מערסידעס". זי איז געווען טשארלז'ס פרוי און האל'ס שוועסטער — א פיינע משפחה, בנאמנות!

באק האט אומרוהיג צוגעקוקט, ווי די מענער האבען צונומען דעם געצעלט און אנגעהויבען אנלאדען דעם שליטען. זיי האבען זיך געבריה'ט און געארבייט מעשים, אבער קיין טאלק איז ניט ארויסגעקומען. דאס געצעלט האבען זיי צונויפגעקייקעלט אין אן אומגעלומפערטען פאק דריי מאל אזוי גרויס, ווי ער האט געדארפט זיין. די בלעכענע כלים זיינען אריין ניט געוואשענע. מערסידעס

האָט רק געפונען וואָס אויסצוזעצען געגען דער אַרבייט פון די מענער, געקנאַקט מיט׳ן צינגעל, געמאַכט פּאַרווירפע און געגעבען עצות. ווען זיי האָבען דעם קליידער־זאַק אוועקגעלעגט צום פאַר־רענט פון שליטען, האָט זי דוקא גע־עצה׳ט מען זאָל איהם לעגען הינטען; און ווען ער איז שוין געלעגען הינטען, צוגעדריקט מיט נאָך אַנדער געפּעק, האָט זי פּלוצלונג ענטדעקט, אז מען האָט פער־זעהן אַ סך אַרטיקלען, וואָס זייער פּלאַץ איז ניט אַנדערש, ווי אין קליידער־זאַך, און מען האָט געמוזט ווידער פאַנאַנדערפּאַקען.

דריי מענער פון אַ דערבייאיגען געצעלט זיינען צוגעקומען, זיך צוגעקוקט, געשמייכעלט און זיך איבערגעוואונקען איינער מיט׳ן צווייטען.

„איהר האָט אַזוי אויך אַ נישקשה׳דיג בינטעל״ — האָט איינער פון זיי בעמערקט. — „עס איז אפילו ניט מיין עסק, אָבער ווען איך וואָלט געווען אויף אייער אָרט, וואָלט איך ניט מיטגעשלעפּט דאָס געצעלט.

„אונמעגליך!״ — האָט מערסידעס אויסגעשריען און האָט פער־וואָרפען איהרע הענטלעך אין חנ׳עוודיגען שרעק — „ווי וואָלט איך אויסגעקומען אָהן אַ געצעלט?״

„עס געהט צו פריהלינג און איהר וועט מעהר קיין קאַלטען וועט־טער ניט האָבען״ — האָט דער מאַן זיך אָבגערופען.

אָבער זי האָט ענטשיעדען אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ אויף ניין, און טשאַרלז און האַל האָבען נאָך צוגעוואָרפען די לעצטע קליי־ניגקייטען צום באַרג מיט זאַכען. דער באַרק האָט בעקומען אַ שפּיץ.

„דענקט איהר, אז עס וועט פאָהרען?״ — האָט איינער פון די מענער געפרעגט.

„פאַר וואָס דען ניט?״ — האָט טשאַרלז אָבגעהאַקט.

„אָה, עס מאַכט ניט, עס מאַכט ניט״ — האָט יענער בעשיידען געענטפערט — „איך האָב נאָר געפרעגט, דאָס איז אַלעס. עס האָט מיר אויסגעזעהען אַ האָרעלע איבערגעפּאַקט״.

טשארלז האט זיך אומגעקעהרט צו זיי מיט'ן רוקען און האט צורעכט געמאכט די רימענס אזוי גוט ווי ער האט געקענט, אבער עס איז שוין גארניט געווען גוט.

„נו, נאטירליך. די הינט וועלען זיך פאמעליך אבלויפען א גאנצען טאג מיט דער דאזיגער משא הינטער זיך" — האט דער אנדערער מאן בעשטעטיגט.

„וואס דען ניט?" — האט האל א זאג געטהאן מיט קאלטער העפליכקייט און האט גענומען דעם שטאנג אין איין האנד און מיט דער אנדערער געפאכעט דעם בייטש.

„מאש!" — האט ער געשריען — מאש, פארווערטס!"

די הינד האבען זיך א שפאר געטהאן אין די לייצעס, זיך אנגעשטרענגט א פאר מינוט און ווידער אבגעלאזט. זיי האבען דעם שליטען ניט געקענט ריהרען פון ארט.

„די פוילע שטיק! איך וועל זיי שוין ווייזען!" — האט ער אויסגעשריען און זיך פערמאסטען אויף זיי מיט דעם בייטש.

אבער דא האט זיך מערסידעס אריינגעמישט מיט א געשריי: „אה, האל, טהו דאס ניט!" — זי האט א כאפ געטהאן דעם בייטש און ארויסגעריסען פון זיינע הענד. „די ארימע בעשעפענישען! זאג מיר צו, אז דו וועסט ניט זיין שטרענג מיט זיי די גאנצע רייזע, אניט ריהר איך זיך ניט פון ארט".

„א וואוילען בעגריף האסטו וועגען הינד" — האט דער ברודער א שמייכעל געטהאן, — „איך בעט דיך, לאז מיך צורוה. זיי זיינען פויל, זאג איך דיר, און מען מוז זיי גוט אנקאטעווען, איידער מען קריגט וואס עס איז פון זיי ארויס.. אט ווי מען דארף טהאן. פרעג וועמען דו ווילסט, באטש איינעם פון די מענער".

מערסידעס האט געקוקט אויף די דריי מיט געבעט. זי האט ניט געקענט צוזעהן ווי מען פייניגט. איהר פנים'ל האט אויסגעדריקט עקעל.

„אויב איהר ווילט וויסען, זיינען די הינט צו אבגעשלאפט" — האט איינער פון די מענער זיך אבגערופען — „מען האט זיי אויס־

געקוועטשט די מאַרך פון די ביינער. דאָס איז אַלעס. זיי נויר־טיגען זיך אין רוה".

„צום טייוועל די רוה!" האָט האָל אַרויסגערעדט מיט זיינע איינגעלשע ליפּען. און מערסידעס האָט געזאָגט „אַה!" — זי האָט ניט געקענט איבערטראָגען די קללה.

אָבער זי איז געווען אַ געטרייע חבר'טע און האָט גלייך גענור־מען פערענטפערען איהר ברודער. „זאָל דיך ניט אַרען, וואָס דער מאַן רעדט דאָרט" — האָט זי שאַרף אַ זאָג געטהאָן — „די הינט זיינען אונזערע, און דו ביזט דער טרייבער, קענסטו טהאָן מיט זיי, וואָס דו ווילסט".

און ווידער האָט זיך האָל'ס בייטש אַראָבגעלאָזט אויף די הינד. יענע האָבען זיך ווידער אַ שפּאַר געטהאָן אין די לייצעס, זיך איינ־געגראָבען מיט די פיס אין געדיכטען שנעע, זיך אויסגעשטרעקט נידריג, און אַ ציה געטהאָן מיט'ן גאַנצען כח. אָבער דער שליטען איז געשטאַנען פעסט, ווי פעראַנקערט. נאָך צוויי מאָל האָבען זיי געפּרופט און דאַן געבליבען שטעהן סאַפּענדיג שווער. די בייטש האָט ווילד געסווישטשעט, ווען מערסידעס האָט זיך ווידער אַריינגעמישט. זי איז געפאַלען אויף די קניה פאַר באַק'ען; טרעהרען זענען געשטאַנען אין די אויגען, מיט איהרע אָרעמס האָט זי אַרומגענומען זיין האַלז.

„אָרים, אָרים בעשעפעניש" — האָט זי אַרויסגעוויינט מיט רחמנות — „ פאַר וואָס שלעפּסטו ניט מיט'ן גאַנצען כח? — וואָלט מען דאָך דיר ניט געשמיסען". באַק'ן איז זי ניט געפעלען, אָבער עס איז איהם געווען צו שווער אויפ'ן האַרצען צו שטעלען זיך אַנטקעגען. האָט ער עס אָנגענומען ווי אַ חלק אַבקומעניש, וואָס געהערט צו זיין ביטערער אַרבייט.

איינער פון די צוזעהער, וואָס האָט געהאַט פערקלעמט די צייהן, כדי ניט אַרויסצופּלאַצען מיט אַ היציג וואָרט, — האָט זיך איצט אָבגערופען:

„עס געהט מיך אַ האָר ניט אָן, וואָס עס וועט ווערען פון אייך, אָבער צוליעב די הינד וויל איך אייך זאָגען, אַז איהר וואָלט זיי גע־

קענט א סך ארויסהעלפען, ווען איהר הויבט אונטער דעם שלי־טען. די גליטש־אייזענס זיינען פעסט צוגעפראָרען. שפּארט ארונ־טער דעם שטעקען, לעגט זיך אַן אויף איהם, רעכטס און לינקס, און ברעכט ארוים דעם שליטען פון שנעע“.

מ׳האט געפּרופּט דאס דריטע מאָל. איצט האָט שוין האָל גע־פאָלגט די עצה און אָבגעריסען דעם צוגעפראָרענעם שליטען. דער משונה׳דיג איבערגעפאקטער שליטען האָט זיך געגעבען א הויב, און באק און זיינע חברים האָבען מיט אימפּעט געגומען שלעפען אונ־טער א האָגעל פון קלעפּ. א הונדערט יארד ווייטער האָט דער וועג זיך פערקירעוועט און איז געלאָפען שטארק בארג אראָפּ אין דער הויפּט־גאס אריין. איינצוהאלטען דעם שווערען שליטען האָט מען געדארפט זיין א געניטער אָנטרייבער, און האָל איז ניט געווען פון דעם סאָרט. ווען די הינט האָבען זיך האסטיג פערקירעוועט אין גאס אריין, האָט דער שליטען זיך איבערגעקעהרט, א העלפט פון דער משא איז ארויסגעפאלען דורך די לויזע שטריק. די הינט האָ־בען זיך אָבגעשטעלט. דער גרינג־געוואָרענער שליטען איז זיי נאָכגעשפּרונגען ביי דער זייט. זיי זיינען געווען בייז, אויפגערעגט פון שלעכטער בעהאנדלונג און דער אונגערעכטער משא. באַק האָט געברענט אין כעס. ער האָט זיך א לאָז געטהאָן לויפען, דאָס געשפּאן נאָך איהם. האָל האָט געשריען „וואָא! וואָא!“ אָבער זיי האָבען איהם ניט געהאָרכט. דער מאן האָט זיי נאָכגעטענצעלט, געצווייגען מיט די לייצעס, ביז ער איז געפאלען. דער איבערגע־קעהרטער שליטען האָט זיך אריבערגעגליטשט איבער איהם, און די הינד האָבען אויסגעשאָסען אין א גאַלאָפּ. צו דער גרויסער לו־סטיגקייט פון די שטעדטעלשע איינוואוינער, האָבען די איבערגע־בליבענע חפצים זיך פערשפּרייט איבער דער גאַנצער הויפּט־גאס.

גוטהערציגע מענשען האָבען געכאַפּט די הינד און צונויפגע־קליבען די צוזעעטע חפצים. זיי זיינען אויך געקומען מיט עצות: א העלפט משא און צוויי מאָל אזוי פיעל הינד, אויב זיי ווילען דער־גרייכען דאָסאָן. האָל און זיין שוועסטער און שוואָגער האָבען ניט ווילענדיג געפאָלגט, ארויסגעצויגען דעם געצעלט, איבערגעבונדען

די חפצים. ווען די קאָנסערוועס האָבען זיך בעוויזען, האָט עס אַרויס־געררופען אַ געלעכטער: פון קאָנסערוועס האָט מען אפילו ניט געקענט חלום'ען אויף'ן לאַנגען וועג. „קאַלדרעס פאַר אַ גאַנצען האָטעל", — האָט איינער זיך געוויצעלט. — „אַ העלפט איז אויך צופיעל. וואַרפט אַוועק דאָס געצעלט, וואַרפט אַוועק די כלים — ווער וועט זיי געהן וואַשען? גאָט דערבאַרעמדיגער, וואָס מיינט איהר עפּעס, איהר פאָהרט אין אַ פּולמאַן עקספּרעס?"

און אַזוי האָט מען טאַקי געטהאָן—אָהן רחמנות אַרויסגעוואָרפען די איבערפליסיגע זאַכען. מערסידעס האָט געוויינט, ווען מ'האָט איהרע קליידער־זעק אַוועקגעלעגט אויף דר'ערד, און גענומען אַרויס־וואַרפען איין שטיק נאָכ'ן צווייטען. זי האָט געוויינט איבער אַלץ און איבער יעדער זאַך בעזונדער. זי האָט פערלעגט איהרע הענד איבער די קניע און זיך געשאָקעלט אהין און אהער אין דער גרעסטער פערצווייפלונג. זי האָט גע'טענה'ט, אַז זי וועט זיך ניט ריהרען פון אָרט, מעגען אַ טוץ טשאַרלז'עס פערלאַנגען פון איהר זי האָט זיך געקלאָגט פאַר יעדען און פאַר אַלץ. סוף כל סוף, ווען זי האָט אויסגעוויינט אַלע איהרע טרעהרען, איז זי אַרויס פון די כלים און גענומען רייסען און שליידערען אפילו די נויטיגסטע אַר־טיקלען פון איהר טואַלעט. פאַרטיג מיט איהרע זאַכען, האָט זי זיך אין זעלבען אימפּעט געוואָרפען צו די זאַכען פון די מענער און איז זיך דורכגעגאַנגען צווישען זיי ווי אַ שטורעם.

און נאָך אַלעמען, חאָטש ס'איז געבליבען נאָר אַ העלפט זאַכען, איז דער פּאַק נאָך אַלץ געווען צו גרויס. טשאַרלז און האַל זיינען אַרויס אין אָווענד און האָבען צוגעקויפט נאָך זעקס הינט. צוזאַמען מיט די פריהערדיגע זעקס און צוזאַמען מיט נאָך צוויי — טיק און קונא, רויהע חברה־לייט, וואָס אונזערע רייזענדע האָבען זיך איינ־געשאַפט אין רינקראַפּידס, איז געוואָרען גאַנצע פערצעהן הינט. אָבער כאָטש די נייע הינט זיינען שוין געוואוינט געווען צו געהן אין שפּאַן, האָבען זיי ווייניג געטויגט. דריי זיינען געווען קורץ־האָריגע יאַגד־הינט, איינער אַ ניו פאַונדלענדער, און די איבעריגע צוויי — געמישטע פון אונבעשטימטען בלוט. זיי האָבען, קענטיג, ניט גע־

וואוסט גאר ניט — אט די נייע חברה. באק און זיינע קאמעראדען האבען געקוקט אויף זיי מיט פעראכטונג. און חאטש ער האט זיך באלד גענומען לערנען די ניי־געקומענע וואו זיי דארפען שטעהן און וואס זיי טארען ניט טהאן, האט ער זיי אבער ניט געקענט אויס־לערנען וואס זיי זאלען יא טהאן. זיי זיינען שלעכט געגאנגען אין שפאן, שלעכט געהיט דעם סליאד. זיי זיינען געווען צוטומעלט, זיי האבען געהאט א געבראכען געמיטה צוליעב דער ווילד־פרעמדער נאטור, וואס האט זיי ארומגערינגעלט, און צוליעב דער שלעכטער בעהאנדלונג וואס זיי האבען בעקומען. די צוויי פון אונבעשטימטען בלוט האבען אינגאנצען אנגעווארען דעם מוטה. אויב מ'האט אין זיי נאך געקענט עפעס ברעכען איז ניט דאס געמיטה, נאר די ביי־נער.

פון איין זייט נייע הינט, צוטומעלטע און תמ'עוואטע, פון דער אנדערער — אלטע, אויסגעהארעוועטע פון 2500 אונאונטערבראָ־כענער רייזע — קיין גוטס האט מען פון אזא שפאן ניט געקענט ערווארטען. אבער אונזערע צוויי מענער זיינען דוקא געווען אויפ־געלעגט. זיי זיינען נאך געווען שטאלץ. זיי מאכען דאס אויף א גרויסארטיגען אופן: מיט פערצעהן הינט. עס איז דא א גור־טער טעם, פארוואס פערצעהן הינט זאלען ניט שלעפען איין שליטען אין די קאלטע געגענדען פון צפון. דער טעם איז, אז איין שליטען קען ניט פיהרען קיין שפייז פאר פערצעהן הינט. אבער טשארלז און האל האבען דערפון ניט געוואוסט. זיי האבען אויסגערעכענט און אויסגעפלאנעוועט זייער רייזע מיט'ן בלייפעדער: אזוי פיעל און אזוי פיעל אויף א הונט, אזוי פיעל און אזוי פיעל הינט, אזוי פיעל און אזוי פיעל טעג, האבען מיר א קימא לן... און מערידעס האט אריבערגעקוקט איבער זייערע אקסלען און צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ איהר הסכמה, ווארים עס איז דאך אזוי פשוט...

אויף מארגען, שוין היבשליך אין טאג אריין, האט באק ארויס־געפיהרט זיין קייט הינט אין גאס ארויס. עס איז קיין ברעקעל מונטערקייט ניט געווען אין איהם, קיין האסט, קיין אימפעט, ניט אין איהם און ניט אין זיינע קאמעראדען. זיי זיינען געווען מיעד

ביים סאמע ארויספאָהר. פיער מאָל האָט ער שוין געמאכט די רייזע צווישען סאָלט וואָטער און דאָסאָן. איצט, ווען ער האָט זיך, אַ צו־בראָכענער, אַ מיעדער, געלאָזט אויפ'ן וועג צום פינפטען מאָל, איז איהם געווען ביטער אויף דער נשמה. ער האָט ניט געהאט קיין חשק צו דער ארבייט — ניט ער און ניט די איבעריגע הינט. די נייע זיינען געווען אַנגעשראָקען און געלעבט אין איין פחד, די אַלטע האָבען ניט געהאט קיין צוטרוי צו זייערע בעל־הבתים.

באָק האָט אומבעשטימט געפיהלט, אז מען קען זיך ניט פער־לאָזען אויף די צוויי מענער מיט דער פרוי. זיי האָבען ניט גע־וואוסט ווי מען נעהמט זיך צו אַ זאַך; טעג זיינען אַוועק, און עס איז קלאָר געוואָרען, אז זיי וועלען זיך ניט אויסלערנען קיינמאָל. זיי זיינען געווען נאכלעסיג אין אלץ, אָהן אָרדנונג און אָהן דיסציפּלין. אַ האַלבע נאַכט האָט ביי זיי גערויערט צונויפשלאָגען אַ צרה'דיגען לאַגער און אַ האַלבען פריהמאָרגען האָט גערויערט אָבצוברעכען דעם לאַגער און זיך איינפּאקען, און ווידער אמאָל איז דאָס איינ־פּאקען געווען אזוי צרה'דיג, אַז דעם גאנצען טאָג האָט מען געהאַל־טען אין איין אָבשטעלען זיך און פּעררי‌כטען. געווען טעג ווען זיי זיינען קוים אָבגעפאָהרען צעהן מייל. און געווען טעג, ווען מען האָט זיך אפילו פון אָרט ניט גערירהט. קיין איינציגער טאָג זיינען זיי ניט אָבגעפאָהרען מעהר ווי אַ העלפט פון דער שטרעקע וואָס מענשען פאָהרען אָב, אויב זיי ווילען ניט בלייבען אָהן קאָרמע פאַר די הינט.

עס איז געווען קלאָהר, אז ס'וועט זיי אויספעהלען קאָרמע. אָבער האָל האָט נאָך ערגער געמאַכט דערמיט, וואָס ער האָט געגעבען די הינט צופיעל. דאָס האָט נעהענטער געמאַכט דעם טאָג, ווען ער האָט זיי געמוזט געבען צו־ווייניג. די נייע הינט, וועמעס מאַגענס דער כראָנישער הונגער האָט ניט אויסגעלערנט ארויסצוזויגען די גרעסטע חיונה פון דעם קלענסטען ביסען, האָבען געהאט אַ ווילדען אַפּעטיט. האָל האָט געזעהן, אז די אויסגעמאַטערטע הינט ציהען שוואַך, האָט ער זיי נאָך פערדאָפּעלט די פּאָרציע. צו אלע צרות האָט מערסידעס געהאט אַ ווייך האַרץ: טאָמער האָט זי ניט גע־

קענט פועל'ן ביים ברודער, ניט מיט טרעהרען אין איהרע שעהנע אויגען און ניט מיט ציטעריגען געבעט, ער זאל געבען די הינט אביסעל מעהר, האט זי גע'גנב'עט פון די פיש־זעק און זיי געהאדעוועט שטילערהייט. אבער ניט אזוי אין שפייז האבען זיך די הינט גענויטיגט ווי אין רוה. און כאטש זיי האבען זיך געשלעפט זעהר פאוואליע, האט די משא פונדעסטוועגען ארויסגענומען ביי זיי דאס לעצטע ביסעל כחות.

דער טאג פון מאנגעל איז געקומען. איין פריהמארגען האט זיך האל ארומגעזעהן, אז קארמע איז שוין אוועק א גוטע העלפט, און געמאכט האבען זיי ערשט א פערטעל פון דער רייזע; ער האט געוואוסט, אז קיין נייע קארמע וועט מען ניט בעקומען חאטש לעג זיך אין דער לענג און אין דער ברייט. האט ער פערקלענערט די פארציע און געפרופט פאהרען גיכער. די שוועסטער און דער שוואגער האבען איהם געהאלפען. אבער די מיה איז געווען אומזיסט — צוליעב דעם שווערען וועג און זייער אייגענער ניט־געניטקייט. עס איז געווען גרינג צו געבען די הינט וועניגער עסען; עס איז אבער געווען אונמעגליך צו צווינגען די הינד זיך שנעלער בעוועגען, און מחמת מ'האט זיך שפעט ארויסגעקליבען יעדען פריהמארגען, האט מיט ניט געקענט פערלענגערען די שטונדען פון רייזע. די מענשען האבען ניט געוואוסט ווי צו מאכען די הינט זאלען ארבייטען, און זיי האבען אליין אויך ניט געוואוסט ווי מען ארבייט.

דער ערשטער איז געפאלען דייוו. ער איז געווען אן עלענדער נארישער גנב. מ'האט איהם כסדר געכאפט און בעשטראפט, אבער נאך אלעמען איז ער דאך געווען א טרייער ארבייטער. זיין אויסגעלונקענער אקסעל, ניט געהיילט און ניט אויסגערוהט, איז געווארען אלץ ערגער און ערגער, ביז וואנען האל האט איהם געמוזט דערשיסען מיט זיין גרויסען קאלט־רעוואלווער. עס איז א כלל אין יענער געגענד, אז א פרעמדלענדישער הונט פערהונגערט אויף טויט ווען מען גיט איהם א פארציע פון א צפון־הונט. די זעקס פרעמדלענדער אונטער באק'ס פיהרונג האבען בעקומען וועניגער ווי א העלפט פון דער פארציע, וואס מען גיט א צפון־הונד, האבען

זיי ניט געהאט קיין אנדער ברירה ווי שטארבען. דער ניו פאונד־לענדער איז אוועק דער ערשטער, נאך איהם די דריי קורץ־האריגע יאגד־הינט, די צוויי איבעריגע האבען זיך לענגער געקלאמערט אן לעבען, אבער אויך זייער סוף איז ענדליך געקומען.

אין יענער צייט האבען אונזערע דריי פארשווינען שוין אראב־געוואָרפען פון זיך די גאנצע דרום'דיגע איידעלקייט און חן. די צפון־רייזע האט פערלוירען איהר ראמאנטישען גלאנץ, געווארען א הארטע ווירקליכקייט — צו הארט פאר זייערע כחות. מערסידעס האט אויפגעהערט וויינען איבער די הינט, זי האט איצט געוויינט איבער זיך און געקריעגט זיך מיט'ן מאן און מיט'ן ברודער. קריע־



גען זיך זיינען זיי קיינמאל ניט געווען מיעד. פון די צרות האט זיך גענומען זייער אויפגערייצטע שטימונג. מיט די צרות איז זי געוואקסען, זיך פערדאפעלט, אריבערגעוואקסען די צרות גופא. מענשען, געוואוינט צו שווערער ארבייט, האבען אויף דער רייזע א וואונדערבארען געדולד; זיי פערבלייבען פיין און איידעל אין שפראך און בענעהמונג. ניט אזוי האבען זיך געהאלטען די צוויי מענער און די פרוי. ביי זיי אין קיין סמן פון אזא געדולד ניט גע־ווען. זיי זיינען געווארען פערגליווערט און פערוועהטאגט, די מוסקולען האבען זיי וועה געטהאן, די ביינער האבען זיי וועה גע־טהאן, אפילו די הערצער האבען זיי וועה געטהאן; צוליעב דעם האט זייער שפראך זיך אנגעגאסען מי גיפט, און בייזע ווערטער זיינען

די ערשטע געקומען אויף זייערע ליפען אין־דער־פריה און די לעצטע פערלאזט זייערע ליפען ביינאכט.

טשארלז און האל האבען זיך ארומגעריסען, ווען נאר מערסי־דעס האט זיי געגעבען א פרייע מינוט. יעדער איינער איז געווען טיעף איבערצייגט, אז ער טהוט מעהר ווי זיין חלק ארבייט, און יעדער איינער האט דאס ארויסגעזאגט ביי דער ערשטער געלעגענ־הייט. מערסידעס האט היינט געהאלטען מיט איהר מאן, מארגען מיט איהר ברודער. דער רעזולטאט איז געווען א ליעבהארציגער פאמיליען־קריעג אהן א סוף. אנהויבען פלעגט זיך עס מיט א וכוח, ווער עס זאל אנשפאלטען א פאר שפענדלעך צו מאכען א



פייער (א שטרייט וואס איז נאר אנגעגאנגען טשארלז און האל), אבער באלד פלעגט מען אריינשלעפען אין וכוח די גאנצע משפחה — טאטעס, מאמעס, פעטערס, שוועסטער־קינדער, מענשען דער־ווייטערט אויף טויזענדער מיילען, איינציגע שוין לאנג אויפ'ן עולם האמת. וואס פאר א שייכות איז דא צווישען אנשפאלטען א פאר שייטלעך האלץ און האל'ס מיינונגען וועגען קונסט אדער די מעלות פון טעאטער־שטיק וואס זיין מוטער'ס ברודער האט געשריבען — דאס איז שווער צו פערשטעהן. דאך איז שטענדיג אויסגעקומען

אזוי, אז דער כּוח האָט זיך פערקירעוועט גראָד אין אַט דער ריכ־טונג. אַניט איז מען ארויף אויף טשאַרלז'ס פּאָליטישע פּאַראור־טהיילען. מסתמא האָט מערסידעס געוואוסט דעם צוזאמענהאנג צווישען אַ פייער אויפ'ן יוקאָן און דעם שארפען צינגעל פון טשארלז'עס שוועסטער, ווארים די יונגע פרוי האָט ניט אויפגעהערט ריידען וועגען דעם ענין און וועגען פיעלע אנדערע אונאנגענעהמע שטריכען אין איהר מאן'ס משפחה. דערווייל פלעגט דאָס פייער בלייבען ניט געמאכט, דער לאגער האלב אויפגעשטעלט און די הינט ניט געפיטערט.

מערסידעס האָט זיך נאָך ארומגעטראָגען מיט אַ ספּעציעלער קריוודע — די פרוי אין איהר איז געווען בעליידיגט. זי איז גע־ווען שעהן און צארט, און אלע איהרע יאָהרען האָט מען זי איידעל בעהאנדעלט. איצט זיינען איהר מאן און איהר ברודער גאָר ניט געווען איידעל. מערסידעס האָט געהאַט אַ טבע צו זיין הילפלאָז, די מענער האָבען פּראָטעסטירט. די פרוי האָט דערין געזעהן אַ בע־ליידיגונג פון איהרע הייליגסטע רעכט, האָט זי געמאכט זייער לע־בען אונערטרעגליך. זי האָט שוין מעהר ניט געטראַכט פון די הינט. זי איז געווען מיעד און צובראָכען. האָט זי ניט אנדערש געוואָלט פאָהרען אין שליטען. זי איז געווען שעהן און ווייך, אָבער געוואוי־גען האָט זי הונדערט און צוואנציג פונט — אַ פיינע שטרוי צוגע־געבען צו דער משא, וואָס די אויסגעמאַטערטע הינט האָבען גע־שלעפּט מיט זייערע לעצטע כחות. זי איז געפאָהרען אין שליטען ביז די הינט פלעגען פאלען אין שפּאַן און דער שליטען פלעגט בליי־בען שטעהן. טשארלז און האל פלעגען זיך ביי איהר בעטען זי זאָל זיך אויפהויבען און געהן צופוס, זיי פלעגען ריידען, טענה'ן, און זי האָט געוויינט און זיך בעקלאָגט פאר'ן הימעל אויף זייער גראָב־קייט.

איינמאָל האָבען זיי זי פּשוט מיט געוואַלד אראָבגענומען פונ'ם שליטען. האָבען זיי זיך עס פערזאָגט אויף שטענדיג. זי האָט גע־מאכט הינקענדיגע פיסעלעך, ווי אַ צולאָזען קינד, און איז געבליבען זיצען אויפ'ן וועג. זיי זיינען אוועק, אָבער זי האָט זיך ניט גע־

ריהרט. ווען זיי זיינען אבגעפאהרען א מייל דריי, האבען זיי גע־מוזט אויספאקען דעם שליטען, זיך אומקעהרען צוריק און מיט גע־וואלד זי אריינזעצען אינוועניג.

פערביטערט פון די אייגענע צרות, זיינען זיי געווען קאלט צו די ליידען פון די חיות. האל'ס טהעאריע, וואס ער האט פראק־טיצירט אויף אנדערע, איז געווען, אז מען מוז פערהארטעוועט ווע־רען. ער האט דאס אנגעהויבען צו פרעדיגען זיין שוועסטער און שוואגער. אז ס'איז איהם דא ניט געראטען, האט ער גענומען אריינ־קלאפען זיין טהעאריע אין די הינט. ביי די פינף פינגער איז די קארמע אויסגעגאנגען. אן אלטע אינדיאנערין אהן צייהן האט זיי אויסגעביטען עטליכע פונט געפרארענע פערדען־פעל אויף דעם קאלט־רעוואלווער, וואס איז געהאנגען אויף האל'ס זייט בחברותא מיט א גרויסען קינזשאל. אן ארימער ביסען איז די פעל געווען נאך צוריק מיט א זעקס חדשים, ווען מ'האט זי אקארשט אראבגע־שונדען פון די גע'פגר'טע פערד. איצט, געפרוירענערהייט, האט זי מעהר געהאט א פנים ווי פאסען גאלוואניזירטע אייזען; ווען א הונט פלעגט זי מיט מאטערניש אראבווערגען, פלעגט זי דארט אויפטהויען און זיך פערוואנדלען אין דינע לעדערנע שנורען און שטעכיגע האריגע בינטלעך, וואס פלעגען רייצען און זיך לעגען ווי א שטיין אויפ'ן מאגען.

באק האט זיך געשלעפט אין שפיץ פונ'ם געשפאן, ווי אין א בייזען חלום. ער האט געצויגען אזוי לאנג ווי ער האט געקענט; ווען ער האט שוין ניט געקענט ציהען, איז ער געפאלען פון די פיס און געלעגען אזוי לאנג, ביז די שמיץ פון דער בייטש אדער די קלעפ פון דעם שטעקען האבען איהם ווידער געשטעלט אויף די פיס. זיין שעהנע האריגע פעל האט אנגעווארען איהר שטייפקייט און גלאנץ. די האר זיינען געהאנגען ווייך און צוקרימט אדער צו־נויפגעקלעפט דורך פערטריקענט בלוט דארט, וואו האל'ס שטעקען האט איבערגעלאזען א וואונד. זיינע מוסקולען זיינען געווארען קניפיגע שנירלעך. דאס פלייש איז פערשוואונדען. יעדע ריפ און יעדער ביין האבען זיך ארויסגעזעהן דורך דער פעל, וואס האט זיך

געקנייטשט און אראבגעהאנגען אין לעדיגע פאלדען. עס האט געריסען ביים הארץ, אבער באק'ס הארץ האט מען ניט געקענט צורייסען. דאס האט בעוויזען דער מאן מיט'ן רויטען סוועטער.

ווי מיט באק'ן, אזוי איז געווען מיט זיינע חברים: אמת'ע געהענדיגע סקעלעטען. ארום און ארום איז געווען זיעבען הינט. אין זייער גרויסען עלענד האבען זיי אויפגעהערט פיהלען דעם ביס פון דער בייטש און דעם קנאק פונ'ם שטעקען. דער וועהטאג איז געווען אונקלאהר, ווייט, פונקט ווי אלץ, וואס זייערע אויגען האבען געזעהן און זייערע אויערען האבען געהערט אין יענער צייט. ניט געבליבען אין זיי ניט א העלפט לעבען, ניט א פערטעל לעבען. געבליבען עטליכע זעקלעך ביינער מיט שוואכע לעבענס־פונקען איני־ווענינ. האט מען זיך אבגעשטעלט, זיינען זיי געפאלען אין שפאן ווי טויט; דער פונק איז געווארע שוואכער, בלייכער, אט, דאכט זיך געהט ער אויס. האט דער שטעקען אדער די בייטש זיך אראבגעלאזט אויף זיי, האט דער פונק שוואך אויפגעבליצט, זיי פלעגען זיך מיט מאטערניש אויפשטעלען אויף די פיס און זיך שלעפען ווייטער.

עס איז געקומען א טאג, ווען דער גוטמוטהיגער בילל איז געפאלען און האט מעהר ניט געקענט אויפשטעהן. האל האט פערהאנדעלט זיין רעוואלווער, האט ער גענומען א האק און דערלאנגט בילל'ן איבער'ן שטערען, אזוי ווי ער איז געלעגען אין שפאן, דערנאך האט ער אויסגעשניטען זיין קערפער פון די לייצעס און איהם אבגעשלעפט אן א זייט. באק און זיינע חברים האבען דאס צוגעזעהן, און זיי האבען געוואוסט, אז דער זעלבער סוף ווארט אויף זיי גאר נאהענט. אויף מארגען איז קונא אוועק, און עס זיינען געבליבען נאר פינף: דזשאו, אזוי שוואך אז ער האט שוין ניט געקענט זיין בייז; פייק, א הינקענדיגער קריפעל, האלב בעוואוסטלאז, אהן כח צו שווינדלען; דער איין־אויגיגער סאל־לעקס, נאך אלץ א גוטער ארבייטער אין שפאן, אבער טרויעריג, וואס עס פעהלט איהם כח צו שלעפען; טיעק, וועלכער האט יענעם ווינטער ווענינער געדייזט ווי אלע און אריינגעכאפט מעהר קלעפ ווי אלע, וויל ער איז געווען פרישער; באק, וועלכער האט נאך אלץ גע־

פיהלט דאס געשפאז, אבער שוין לאנג ניט אנגעהאלטען און ניט געוואלט אנהאלטען דיסציפלין צווישען זיינע חברים; האלב בלינ־דער פון שוואכקייט, האט ער געטראפען דעם וועג דורך א טונקעלען חוש פון זיינע פיס.

עס איז שוין געווען פריהלינג, דאס וועטער — שעהן, אבער ניט די הינט און ניט די מענשען האבען עס געמערקט. מיט יעדען טאג איז די זון אויפגעגאנגען פריהער און זיך געזעצט שפעטער. ער פלעגט נעהמען טאגען ארום דריי פארטאג און דער בין השמשות האט געדויערט ביז ניין אין אוונד; דעם גאנצען לאנגען טאג האט געפלאקערט די זון. די גרויליכע ווינטער־שטילקייט האט אבגע־טראטען פאר דעם פריהלינגס־געמורמעל פון נייעם לעבען. דאס געמורמעל איז געקומען פון דעם גאנצען לאנד וואס איז געווען אנגעזאפט מיט לעבענס־פרייד. עס איז געקומען פון די זאכען, וואס האבען אויסגעזעהן ווי געשטארבען אין די לאנגע חדשים פון קעלט און פראסט און האבען איצט געלעבט און זיך געריהרט. די זאפט איז געשטאנען אין די סאסנעס. די ווערבעס און עסענבוימער האבען ארויסגעפלאצט מיט יונגע קנאספען. קוסטען, וויין־צווייגען, האבען זיך אנגעטהאן מיט נייע גרינגע קליידער. ביינאכט האבען די גרילען געזונגען און בייטאג האט גערוישט אין זון־שיין אלצדינג וואס קריכט און פויזעט. ריפ־היהנער און האלץ־פיקער האבען געברומט און געקנאקט אין די וועלדער. וויעוווערקעס האבען געבאלעמעטשעט, פויגעל האבען געזונגען, און הויך אין הי־מעל האבען זיך פון דרום געצויגען שרייענדע מחנות ווילד־פויגעל, וואס האבען מיט קונציגע קלינעס געשניטען די לופט.

פון יעדען בערגעל האט זיך געהערט דאס רוישען פון וואסער, די מוזיק פון אונזיכטבארע פאנטאנען. אלץ האט זיך געשמאלצען, געבויגען, געפלאצט. דער יוקאן האט זיך אנגעשטרענגט לויז צו ווערען פון אייז, וואס האט איהם געהאלטען געבונדען. דער טייך האט עס געגעסען פון אונטען, די זון פון אויבען. לעכער האבען זיך צועפענט, שפאלטען האבען זיך צושפרונגען און צושפרייט, און שטיקער פאסען אייז זיינען ארונטערגעפאלען אין וואסער אריין.

און צווישען דעם פּלאַצען, צישען און פּלאַטערען פון נייעם לעבען, אונטער דעם פּלאַקער פון דער זון און דורך די זאַנפּט־זיפּצענדע ווינטעלעך האָבען זיך געשלעפּט מיט געבויגענע קעפּ, ווי צו זייער אייגענער לויה, צוויי מענער, איין פרוי און פינף הינט.

די הינט זיינען געפאַלען פון די פיס, מערסידעס האָט געוויינט זיצענדיג אין שליטען, האָט געשאָלטען גלאַט אין דער וועלט אריין און טשאַרלז׳ס אויגען האָבען כסדר געטרערהט, ווען זיי האָבען זיך אריינגעבלאָנקעט אין דזשאהן טהאָרנטאָנ׳ס לאַגער ביי דעם אויסגוס פון ווהייט ריווער. און ווען זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט, זיינען אַלע הינט אומגעפאַלען, ווי פון אַ טויט־קלאַפּ. מערסידעס האָט אויסגעווישט די אויגען און ארויפגעקוקט צו דזשאהן טהאָרנטאָן. טשאַרלז האָט זיך אַוועקגעזעצט רוהען אויף אַ קלאָץ. ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען לאַנגזאַם און פּאַרזיכטיג, ווייל אַלע אברים זיינען ביי איהם געווען שטייף. האָל האָט פערפיהרט אַ שמועס. דזשאהן טהאָרנטאָן האָט געהאַלטען אין שניצען אַ בערעזעווען שטעקען פאַר אַ הענטעל צו אַ האַק. ער האָט געשניצט און זיך צוגעהערכט, געענטפערט איינזילביג; מ׳האָט איהם געפרעגט, האָט ער געגעבען קורצע און שאַרפע עצות. ער האָט געקענט דעם סאָרט מענשען און ער האָט געוואוסט, אַז זיינע עצות וועט מען ניט פאָלגען.

„זיי האָבען מיר דאָרט אויבען געזאָגט, אַז דער גרונט פאַלט ארויס פון אונטער׳ן אייז־וועג, און אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען איבערצואוואַרטען“, — האָט האָל געענטפערט אויף טהאָרנטאָנ׳ס וואָרנונג ניט צו ריזיקירען מעהר מיט׳ן שלעכטען אייז. „זיי האָבען מיר אויך געזאָגט, אַז מיר וועלען ווהייט ריווער ניט דערגרייכען, און דאָ זיינען מיר“. — די לעצטע ווערטער האָט ער ארויסגערעדט מיט אַ טריאומפירענדען שמייכעל.

„און זיי האָבען אייך געזאָגט דעם אמת“, — האָט דזשאהן טהאָרנטאָן געענטפערט. — „דער גרונד קען ארויספאַלען יעדע רגע. נאָר נאַראָנים, מיט׳ן בלינדען מזל פון נאַראָנים האָט עס אָבגע־

גליקט. איך זאג אייך אפען, איך וואלט מיט מיין בינטעל ביינער מעהר ניט ריזיקירט אויפ'ן אייז פאר קיין גאלד פון אלאסקא".

„דאס איז דערפאר, מסתמא, ווייל איהר זיינט קיין נאר ניט", — האט האל א זאג געטהאן. — „אבער אלץ איינס, מיר געהען צו דאסאן". ער האט פאנאדערגעוויקעלט זיין בייטש. „אויפשטעהן, באק! הי! אויפשטעהן פייק! מאש, געגאנגען!"

טהארנטאן האט זיך ווייטער געשניצט. עס איז אומזיסט. האט ער געוואוסט, זיך שטעלען צווישען נאר און זיין נארישקייט; וועט אויף דער וועלט זיין מיט צוויי־דריי נאראנים ווענינער, די וועלט וועט דערפון ניט אנדערש ווערען.

אבער די הינט זיינען ניט אויפגעשטאנען אויף דעם בעפעהל. זיי זיינען שוין לאנג אריבער אין א צושטאנד, אז עס האט זיך גע־פאדערט קלעפ זיי אויפצוהויבען. די בייטש האט געפאכעט און געקנאקט, דא און דארט, אין איהר אכזריות'דיגער שליחות. דזשאהן טהארנטאן האט צונויפגעדריקט זיינע ליפען. סאל־לעקס איז געווען דער ערשטער זיך אויפצושטעלען. טיק נאך איהם. דערנאך דזשאו סקאוויוטשענדיג פאר וועהטאג. פייק האט געמאכט פיינליכע פער־זוכען. צוויי מאל איז ער געפאלען, שוין האלב אויף די פיס, ערשט ביים דריטען פערזוך איז איהם געלונגען זיך איינצוהאלטען אויף די פיס. באק האט קיין פערזוך ניט געמאכט. ער איז געלעגען רוהיג, וואו ער איז געפאלען. די בייטש האט איהם געשניטען, אבער און ווידער, אבער ניט ער האט געקוויטשעט, ניט ער האט בדעה געהאט צו פאלגען. עטליכע מאל האט טהארנטאן געעפענט זיין מויל צו זאגען עפעס, אבער ער האט זיך צוריקגעהאלטען. זיינע אויגען זיינען אנגעלאפען מיט פייכטקייט, און ווען דאס שמייסען מיט'ן בייטש איז ווייטער אנגעגאנגען, האט ער זיך אויסגעגלייכט און גענומען געהן הין און צוריק, אין אונענטשלאסענהייט.

עס איז געווען דאס ערשטע מאל, וואס באק האט ניט גע־פאלגט, און דאס איז געווען גענוג אורזאכע ארויסצוברענגען האל'ען פון די כלים. ער האט, ווי זיין שטייגער איז געווען, פערביטען די בייטש מיט'ן שטעקען. באק האט זיך א ריהר ניט געטהאן אפילו

אונטער דעם האַגעל פון שווערע קלעפּ, וואָס זיינען איצט געפאַלען אויף איהם. ווי זיינע חברים, האָט ער קיין כח געהאַט אויפצושטעלען זיך, אָבער ניט ווי זיינע חברים, האָט ער אָבגעמאַכט ניט אויפ־צושטעלען זיך. ער האָט געהאַט אַ טונקעלען פאַרגעפיהל פון אַ נאָהענטער געפאַהר. ער האָט דאָס דערפיהלט זינט ער איז ארויף אויפ'ן ברעג, און פון דעמאָלט אָן האָט עס איהם ניט פערלאָזט. דאָס וואָס ער האָט געשפירט דעם גאַנצען טאָג פון אונטער דעם דינעם, בריכיגען אייז אונטער זיינע פיס, האָט זיך צונויפגענומען אין אַ פאַר־געפיהל פון אַ נאָהענטען אונגליק, וואָס לויערט דאָרט, וואוהין די בעלי־בתים ווילען איהם איצט שלעפּען. און ער האָט זיך ענטזאַגט זיך צו בעוועגען. ער האָט זיך אַזוי פיעל אַנגעליטען, ער איז געווען אַזא תל, אַז די קלעפּ האָבען איהם שוין ניט געאַרט. דער לעבענס־פונק אין איהם האָט זיך געגעבען אַ צינד אָן און איז ווידער פערשוואונדען, ווי אויסגעגאַנגען. און מאָדנע — ס'האָט איהם ווי אָבגענומען דעם קערפּער. עפּעס ווי פון ווייטען, פון אַ ווייטער שטרעקע האָט ער געפיהלט, אַז מען שלאָגט איהם. דער וועהטאָג איז פערשוואונדען. ער האָט קיין זאַך מעהר ניט געפיהלט, חאָטש ער האָט שוואַך געהערט די בעריהרונג פון שטעקען אָן זיין קערפּער. אָבער דאָס איז שוין ניט געווען זיין קערפּער, עס איז געווען אַ פרעמדער, אַ ווייטער.

און דאָן פּלוצלונג, אָהן וואַרנונג, מיט אַ טומפּען געשריי, ווי דער געשריי פון אַ חיה, האָט דזשאָהן טהאָרנטאָן אַ שפּרונג געטהאָן אויפ'ן מאַן, וואָס האָט געפּאַטשעט מיט'ן שטעקען. האַל איז אומ־געפאַלען אויף צוריק, ווי געטראָפען פון אַ פאַלענדיגען בוים. מער־סידעס האָט אויסגעשריגען. טשאַרלז האָט טעמפּ אַ קוק געטהאָן, זיך אויסגעווישט זיינע וואַסערדיגע אויגען, אָבער געבליבען זיצען אין זיין פערגליווערטער פּאָזע.

טהאָרנטאָן איז געשטאַנען איבער באַק'ן, געפּרופט זיך בעהער־שען, געווען אַזוי אויפגעטרייסעלט פון כעס, אַז ער האָט ניט גע־קענט ריידען.



„דזשאָהן טאָרנטאָן און באַק האָבען אָנגעקוקט איינער דעם צווייטען"
117

„ריהרסטו איהם אָן, איז דאָ דיין טויט!“ — האָט ער ענדליך אַרויסגערעדט מיט אַ פערשטיקטען קול.

„דאָס איז מיין הונט,“ — האָט האַל אָבגעענטפערט, קומענדיג צו זיך און ווישענדיג דאָס בלוט פון מויל. — „דו געהסט מיר פון וועג אַרוים, אָדער איך וועל מיט דיר פאַרטיג. איך געה נאָך דאָסאָן!“

טהאָרנטאָן איז געשטאַנען צווישען איהם און באַק'ן, און האָט ניט בדעה געהאַט אָבצוטרעטען. האַל האָט אַרויסגעצויגען זיין יאָגד־מעסער. מערסידעס האָט געשריען, געיאָמערט, געלאַכט און גע־וויינט אין היסטעריקע. טהאָרנטאָן האָט אַ זעץ געטהאָן האַל'ען איבער די קנעכלעך מיט'ן הענטעל פון האַק און אַרויסגעקלאַפּט דאָס מעסער. ווידער אַמאָל האָט ער איהם אַ זעץ געטהאָן איבער די קנעכלעך, ווען יענער האָט עס געפּרואווט אויפהויבען פון דער ערד. דאַן האָט ער זיך איינגעבויגען, אויפגעהויבען דאָס מעסער און מיט צוויי שניט לויז געמאַכט באַק'ען פון די רימענס.

האַל האָט פערלוירען זיין קאַמפּפּס־לוסט. אויסער דעם זיינען זיינע הענד, אָדער ריכטיגער זיינע אָרעמס, פול געוועזען מיט דער שוועסטער. באַק, ווידער, איז סיי ווי געוועזען האַלב טויט, און האָט ניט געטויגט צו שלעפּען דעם שליטען. אין עטליכע מינוט אַרום האָבען זיי אַראָבגעפיהרט דעם שליטען פונ'ם ברעג אויפ'ן טייך. באַק האָט זיי געהערט אָבפאָהרען און האָט אויפגעהויבען זיין קאָפּ. פּייק איז געוועזען דער פיהרער, סאָל־לעקס דער נעהנטסטער צום שליטען, און דזשאָ און טיק צווישען זיי. זיי האָבען נאָך גע־וואַקעלט און געהונקען. מערסידעס איז געזעסען אויפ'ן געפּאַקטען שליטען, האַל איז געגאַנגען פאָראויס מיט'ן שטאַנג, טשאַרלז האָט זיך נאָכגעשלעפּט פון הינטען.

בעת באַק האָט זיי נאָכגעקוקט, האָט טהאָרנטאָן זיך איינגע־בויגען איבער איהם און מיט גראָבע פריינדליכע הענד איהם אַרומ־געטאַפּט. ער האָט ניט געפונען קיין צובראָכענע ביינער, נאָר וואונדען אָהן אַ שיעור און אַ צושטאַנד פון שרעקליכע אויסצעה־

רונג. דערווייל איז דער שליטען שוין אָבגעפאָהרען אויף א פער־טעל מייל. דער הונט און דער מענש האבען געקוקט ווי ער פויזעט איבער׳ן אייז. פלוצלונג האָט דער הינטערשטער טהייל פונ׳ם אייז זיך אָרופגעלאָזען, ווי אין א גראָבען אריין, און די שטאַנג מיט האל׳ן, וואָס איז געהאָנגען אויף איהר, האָט זיך אויפגעהויבען אין דער לופטען. מערסידעס׳עס קוויטש האָט דערגרייכט צו זיינע אויערען. זיי האָבען געזעהן ווי טשארלז האָט זיך אויסגעדרעהט און געשטעלט א טריט צו לויפען צוריק, אָבער א גאַנצע שטרעקע אייז האָט זיך אָפּגעשפאָלטען און אריין אין וואַסער מיט די מענ־שען און הינט. נאָר א שווארצער לאָך איז געבליבען. דער אייז־וועג איז איינגעפאַלען אונטער זייערע פיס.

דזשאהן טהארנטאָן און באָק האָבען אָנגעקוקט איינער דעם צווייטען.

„ארימער טייוועל דו!“ — האָט דזשאהן טהארנטאָן א זאָג גע־טהאָן, און באָק האָט איהם געלעקט די האַנד.




ביו'ם ברעג פון טייך.

# די ליעבע צו אַ מאַן.



ען דזשאהן טארנטאן האָט זיך אָפּגעפּרווירען די פיס דעם לעצטען דעצעמבער, האָבען זיינע שותפים איהם געמאַכט אַ בעקוועמען פּלאַץ צו וואוינען און האָבען איהם איבערגעלאָזט ווארטען ביז ער וועט געזונד ווערען. אליין זיינען זיי אַוועק ארויף־טייך נאָך אַ פליט געזעגטע סלופעס, וואָס זיי האָבען געדארפט ברענגען קיין דאסאן. אין דער צייט, ווען טהאָראַנטאַן האָט אָבגעראַטעוועט באָק'ן האָט ער נאָך אביסעל געהונקען, אָבער ס'איז געוואָרען וואַ־רימער, האָט ער זיך איינגאַנצען דערפיהלט גוט. אָט דאָ, אין טהאָרנטאַנ'ס לאַגער, איז דאָס באָק איצט געלעגען גאַנצע טעג ביים ברעג פון טייך, זיך געוואַרימט אויף דער זון, געקוקט ווי דאָס וואַסער לויפט, און איינגעהערט אין די געזאַנגען פון די פויגלען און דעם זשומען פון דער נאַטור, און ביסלעכווייז געקומען צו זיך.

אַן אָברוה קען טאַקע וואויל בעקומען נאָך אַ רייזע פון דריי טויזענד מייל, און מען מוז זאָגען, אַז ווען באָק'ס וואונדען האָבען זיך פערהיילט, זיינע מוסקעלן האָבען זיך אויפגעבלאָזען און דאָס פלייש האָט ווידער געמומען בעדעקען זיינע ביינער, האָט ער זיך געפיהלט זעהר פויל צו דער אַרבייט. אייגענטליך זיינען זיי אַלע געוועזען לעדיג־געהער — באָק, דזשאהן טהאָרנטאַן, סקיט איי ניג— זיי האָבען געוואַרט אויפ'ן פליט, וואָס האָט געדאַרפט קיין זיי אָבפיהרען אַראָב־טייך קיין דאָסאָן. סקיט איז געווען אַ קליינער איירישער סעטטער, אַ „זי", וואָס האָט זיך שנעל בעפריינדעט

מיט באַק'ן, ווען יענער איז געווען אין אַ שטערבליכען צושטאַנד און האָט זי ניט געקענט אַבטרייבען פון זיך. סקיט האָט געהאַט אין זיך אַ דאָקטאָר'שע טבע, ווי דאָס טרעפט ביי הינד; זי האָט געוואַשען און גערייניגט באַק'ס וואונדען, ווי אַ קאַץ וואַשט איהרע קעצלעך. יעדען פריהמאָרגען, נאָך פריהשטיק, פלעגט זי טאָן אַט די פרייוויליגע אַרבייט, ביז באַק זיך האָט צוגעוואוינט צו קוקען אויף דעם, ווי ער האָט געקוקט אויף טהאָרנטאָנ'ס הילף. ניג איז אויך געווען פריינדליך, הגם מעהר איינגעהאַלטען. דאָס איז געווען אַ ריעזיגער שוואַרצער הונד, האַלב בלוט־הונד, האַלב הערשען־יעגער, מיט לאַכענדיגע אויגען און אַ גוטסקייט אָהן אַ ברעג.

באַק איז געווען איבערראַשט, ווען ער האָט דערזעהן, אַז די הינד זיינען איהם ניט קיין שונאים. ער האָט אויסגעזעהן, אַז זיי האָבען געטיילט די פריינדליכקייט און גרויסמוטיגקייט פון דזשאָהן טהאָרנטאָן. ווען באַק איז געוואָרען געזינטער, האָבען זיי איהם איינגעצויגען אין אַלערליי נאַרישע שפּיעלען, אין וועל־כען טהאָרנטאָן אַליין האָט אויך זיך בעטייליגט. און אַזוי האָט דאָס באַק געהוליעט און געשטיפט, ביז ער איז אין גאַנצען געזונד געוואָרען און אָנגעהויבען אַ ניי לעבען. דאָס ערשטע מאָל האָט ער איצט געוואוסט, וואָס הייסט ליעבע, אמת'ע ליידענשאַפטליכע ליעבע. אפילו אין ריכטער מילער'ס הויז אין דעם גאָט־געבענש־טען סאַנטאַ קלאַראַ טהאָל, האָט ער ניט פערזוכט דעם טעם פון ליעבע. מיט דעם ריכטער'ס זיהן, אויף געיעג און שפּאַציערענדיג, איז ער געווען אַן ארביים־קאַמעראַד; מיט דעם ריכטער'ס אייניק־לעך איז ער געווען אַ מין שטאָלצער שומר; מיט'ן ריכטער גופא איז ער געווען אַ מיושב־דיגער ווירדיגער פריינד. אָבער ליעבע, היציגע, ברענענדיגע ליעבע, ליעבע פול מיט פערעהרונג, ליעבע נאָהענט צו וואַהנזין, — דאָס האָט אין איהם געקענט ערוועקען נאָר אַזוינער, ווי דזשאָהן טהאָרנטאָן.

דער מאַן האָט געראַטעוועט זיין לעבען, — דאָס איז דאָך עפּעס; אָבער אַ חוץ דעם איז ער געווען דער אידעאַלער הערשער. אַנדערע

האבען געזארגט וועגען הינט, ווייל דאס איז געווען זייער פליכט, אדער ווייל אזוי האבען פערלאנגט זייערע געשעפטען. טהארנטאן האט געזארגט וועגען זיינע הינט, אקוראט ווי זיי וואלטען געווען זיינע קינדער, ווייל ער האט אנדערש ניט געקענט. זיין האלטונג איז געווען א חבר'שע. ער פלעגט קיינמאל ניט פערגעסען צו זאגען א פריינדליך ווארט אדער צו ערמונטערן מיט א גריסונג, און אבזיצען א צייט און שמועסען מיט די הינט האט איהם פער־שאפט ניט ווייניגער פערגעניגען ווי זיי. ער האט געהאט א טבע אנצוכאפען באק'ס קאפ און איהם אריינשטופען צווישען זיינע קניע און זיך אויף איהם אנלעהנען מיט זיין אייגענעם קאפ און איהם שאקלען אהין און אהער, און דערביי איהם רופען מיט זידעל־נעמען, וואס פאר באק'ן זיינען דאס געווען די טייערסטע ווערטער. באק'ס גרעסטע פרייד איז געווען צו פיהלען אט די שטארקע אומ־ארמונג און צו הערען די קללות, און מיט יעדען שאקעל אהין און אהער האט זיך אויסגעדאכט, אז זיין הארץ וועט ארויסשפרינגען פון זיין קערפער פאר גרויס ענטציקונג. און ווען טהארנטאן פלעגט איהם אבלאזען, און ער פלעגט אויפשפרינגען, מיט א לאַ־כענדיגען מויל, מיט בערעדעוודיגע אויגען, מיט א האלז ציטערנדיג פון ניט קיין ארויסגעלאזטע קלאנגען, און ער פלעגט אזוי שטעהן אונבעוועגליך, פלעגט דער מאן זאגען מיט דרך־ארץ: „גאט! דיר פעהלט נאר זאלסט קענען רעדען!“

באק האט געהאט א טריק, דורך וועלכען ער פלעגט אויסדריי־קען זיין ליעבע, איז דאס כמעט געווען שמערצליך. אפטמאל פלעגט ער אריינגעהמען טהארנטאנ'ס האנד איז זיין מויל אריין און אזוי געוואלדיג פערקוועטשען די ציינער, אז סמנים פלעגען נאך בלייבען א שטיק צייט. און ווי באק האט פערשטאנען, אז די קללות זיינען געווען ליעבעס־ווערטער, אזוי האט דער מאן פער־שטאנען, אז דער ביס האט געמיינט א לאסקע.

געוועהנליך אבער האט ער אויסגעדריקט זיין ליעבע אין שוויי־גענדיגער פערעהרונג. גרויס און ווילד פלעגט זיין די שמחה ווען טהארנטאן האט איהם אנגעריהרט אדער גערעדט צו איהם, אבער

אַליין בעטען אויפֿערקזאַמקייט פֿלעגט ער ניט. אין דעם פּרט איז ער ניט געווען געגליכען ניט צו סקיט'ן וואָס פֿלעגט אַזוי לאַנג רוקען איהר נאָז אונטער טהאַרנטאָנ'ס האַנד ביז יענער האָט איהם געגעבען אַ גלעט, ניט צו ניג'ן, וואָס פֿלעגט צוגעהן און אַרויפֿ־לעגען זיין גרויסען קאָפּ אויף טהאַרנטאָנ'ס קניע. באַק איז געווען צופֿריעדען צו פֿארעהרען פֿון דערווייטען. ער פֿלעגט ליעגען שעה'נווייז, מונטער, לעבעדיג, ביי טהאַרנטאָנ'ס פֿיס, איהם אַריינ־קוקען אין פּנים, ניט אַראָבלאָזען קיין אויג, שטודירען יעדע קליי־ניגקייט, נאָכפֿאָלגען מיט שאַרפֿסטען אינטערעס יעדען אויסדרוק, יעדען ריהר, יעדע ענדערונג אין די שטריכען פֿון זיין געזיכט. אַמאָל פֿלעגט ער גאָר ליעגען אַבסעל ווייטער, הינטען, אָדער אָן אַ זייט, און קוקען אויף די ליניען פֿונ'ם מאַנ'ס קערפּער און כאַפּען די בעוועגונגען פֿון זיינע גליעדער. און אַזוי גרויס איז געווען זייער חבר'שאַפֿט, אַז אָפֿט פֿלעגט דער מאַן אויף זיך דערפֿיהלען דעם הונד'ס אויגען, ער פֿלעגט אויסדרעהען זיין קאָפּ און ענטפֿערען מיט אַ קוק, אָהן ווערטער, און זיין הארץ פֿלעגט אַרויסלייכטען פֿון זיינע אויגען פּונקט ווי ביי באַק'ן.

אַ לאַנגע צייט נאָך זיין רעטונג פֿלעגט ער ניט וועלען אַרויס־לאָזען טהאַרנטאָנ'ען פֿון די אויגען. ער פֿלעגט איהם נאָכגעהן פֿון דער מינוט, ווען ער פֿלעגט זיך אומקעהרען צוריק. זינט ער איז געקומען אין צפֿון־לאַנד האָט ער געזעהן, אַז זיינע הערשער פֿערשווינדען איינער נאָכ'ן אַנדערען. האָט ער מורא געהאַט, אַז טהאַרנטאָן וועט פֿערשווינדען פֿון זיין לעבען, ווי ס'זיינען פֿער־שוואונדען פּערראָלט און פֿראַנסואַ און דער שאָטטישער האַלב־אינדיער. אַפֿילו ביינאַכט, אין זיינע חלומות, האָט דאָס איהם ניט געלאָזט רוהען. דאַן פֿלעגט ער פֿון זיך אַראָבטרייסלען דעם שלאָף, אַרויסקריכען אויף דער קעלט, צוגעהן צום ליינווענד פֿון דעם געצעלט, און שטעהען און זיך איינהערען, ווי זיין הערשער אָטעמט.

גרויס איז געווען זיין ליעבע צו דזשאָהן טהאַרנטאָן, און דאָס האָט, דאַכט זיך, אַרויסגעוויזען אַ ווייכע ציוויליזירטע נאַטור;

אבער דער פרימיטיווער גייסט, וואס דער צפון־לאנד האט דערוועקט אין איהם, איז געווען לעבעדיג און טעטיג. טרייהייט און איבערגעבענהייט, — די צוויי אייגענשאפטען, וואס שטאמען פון קולטור־לעבען, — האט ער פערמאגט אין א גרויסער מאס; אבער אין דער זעלבער צייט איז ער געבליבען ווילד און געמיין. ער האט מעהר געהערט צו דער מדבר, — מעהר א צופעליגער גאסט געקומען פון דער וויסטעניש צו זיצען ביי טהארנטאנ׳ס פייער — איידער א הונד פון דעם ווייכען דרום־לאנד מיט דעם שטעמפעל פון דורות היימישען לעבען. ווייל זיין ליעבע איז געווען גרויס, האט ער ניט געקענט גנב׳ענען ביי טהארנטאנ׳ען, אבער ביי יעדען אנדערען מאן, אין יעדען אנדערען לאגער, האט ער גע׳גנב׳עט וויפיעל ער האט געקענט. צוליב זיין כיטערקייט האט מען איהם קיינמאל ניט געכאפט.

זיין פנים און זיין קערפער זיינען געווען צוקיילט דורך די צייהן פון פיעלע הינד, און ער האט געקעמפפט מיט דער זעלבינגער רציחה ווי פריהער, נאר מיט מעהר קלוגשאפט. סקיט און ניג זיינען געווען צו גוט בטבע, אז ער זאל זיך מיט זיי קענען רייסען, אחוץ דעם האבען זיי געהערט צו דזשאהן טהארנטאן. אבער פרעמדע הינט, פון וואס פאר א מין זיי זאלען ניט זיין און וויפיעל קראפט זיי זאלען ניט פערמאגען, האבען באלד געמוזט אנערקענען באק׳ס אויבערהערשאפט, אניט איז זיי אויסגעקומען צו שטרייטען פאר זייער לעבען מיט א שרעקליכען שונא. באק האט ניט געוואוסט פון רחמנות. ער האט גוט אויפגענומען דעם געזעץ פון קלאפ און ביים, און ער האט זיך קיינמאל ניט אבגעזאגט פון א גינסטיגער געלעגענהייט אדער געלאזט צו רוה א שונא, ווען ער האט אוועקגעשטעלט אויפ׳ן וועג פון טויט. ער האט איבערגענומען שפיץ׳ס לעהרע, און פון די איבריגע שטארקע הינד אין דעם פאסט־צוג און ביי דער פאליציי האט ער זיך אויסגעלערנט, אז קיין מיטעל־וועג איז ניטא. אדער הערש, אדער ווער בעהערשט; ווייזען רחמנות איז א שוואכקייט. רחמנות האט ניט עקזיסטירט אין די פארצייטיגע דורות; רחמנות האבען אנדערע געקענט אויסטייטשען אלס מורא, און דאס איז געווען געפעהרליך. טויט אדער

ווער געטויטעט, עס אָדער ווער געגעסען, — דאָס איז געווען דאָס געזעץ. און אָט דעם בעפעהל, וואָס האָט גערעדט צו איהם פון דער טיעפעניש פון דער צייט, האָט ער געפאָלגט.

ער איז געווען עלטער, איידער די טעג, וואָס ער האָט געזעהן, און די אָטעמס, וואָס ער האָט געצויגען. ער האָט פערבונדען די פערגאַנגענהייט מיט דער געגענוואַרט; די אייביגקייט, וואָס הינטער איהם, האָט פולסירט דורך זיין וועזען אין אַ מעכטיגען ריטם, און האָט איהם געצויגען מיט דערזעלביגער בלינדער קראַפט, וואָס ענדעקט יאָהרעס־צייטען און בעוועגט דאָס וואַסער אין ים. ער איז געזעסען ביי דזשאָהן טהאָרנטאָנ'ס פייער, — אַ ברייט־ברוסטיגער הונד, מיט ווייסע צייהן און לאַנגע האָר; און הינטער איהם זיינען געווען די שאָטענס פון אַלערליי הינט, האַלבע וועלף און ווילדע וועלף; זיי האָבען איהם ניט געלאָזט צורוה, זיי האָבען פערזוכט דעם טעם פונ'ם פלייש, וואָס ער האָט געגעסען, זיי האָבען געדורשט נאָכ'ן וואַסער, וואָס ער האָט געטרונקען, זיי האָבען געשמעקט דעם ווינד מיט איהם, געהאָרכט מיט איהם און דערצעהלט איהם, וואָס בעדייטען די שטימען פונ'ם ווילדען לעבען אין וואַלד, זיי האָבען דיקטירט זיינע שטימונגען, געריכטעט זיינע האַנדלונגען, געלעגט זיך שלאָפען מיט איהם און ווען ער האָט זיך געלעגט שלאָפען, און גע'חלומ'ט מיט איהם און אויסער איהם, אַליין ווערענדיג דער שטאָף פון זיינע חלומות.

די דאָזיגע שאָטענס האָבען איהם אַזוי שטאַרק בעהערשט, אַז מיט יעדען טאָג האָט די מענשהייט מיט איהרע פאָדערונגען זיך אָבגערוקט פון איהם אַלץ ווייטער און ווייטער. טיעף אין וואַלד האָט אַ שטימע געקלונגען, און אַלעמאָל ווען ער האָט געהערט די שטימע, געהיימניספול ציהענד און רופענד, האָט ער געמוזט אויסדרעהען זיין רוקען צום פייער און צו דער איינגעטרעטענעו ערד ארום, און אַריינשפרינגען אין וואַלד, ווייטער און ווייטער, ניט וויסענדיג, וואוהין און פאַרוואָס; ער האָט אויך ניט געפרעגט, וואוהין און פאַרוואָס; דער רוף האָט געקלונגען מיט מאַכט, טיעף אין וואַלד. אַלעמאָל אָבער ווען ער פלעגט דערגריי־



„הינטער איהם זענען געווען די שאָטענס פון אַלערליי הונט".

כען די ווייכע נישט איינגעטרעטענע ערד און די גרינע שאָטענס, פלעגט די ליעבע צו טהאָרנטאָנ'ען איהם ציהען צוריק צום פייער.

נאָר איין טהאָרנטאָן האָט איהם איצט געהאַלטען. די איבּריגע מענשען זיינען געווען ווי גאָרנישט. צופעליגע רייזענדע האָבען איהם געמעגט ליובען אָדער גלעטען; ער איז געבליבען קאַלט צו דעם אַלעס. טאָמער האָט מען איהם ארויסגעוויזען צופיעל אויפמעקזאַמקייט, האָט ער זיך גאָר אויפגעהויבען און אוועקגעגאַנגען אָן אַ זייט. ווען טהאָרנטאָנ'ס שותפים, האַנס און פּיטע, זיינען אָנגעקומען אויפ'ן לאַנג־ערוואַרטעטען פליט, האָט באַק זיי ניט געוואָלט בעמערקען, ביז ער האָט ניט אויסגעפונען, אַז זיי קעהרען זיך עפּעס אָן מיט טהאָרנטאָנ'ען. נאָכדעם פלעגט ער זיי דולדען פּאַסיוו און אויפנעהמען זייער פריינדליכקייט אַקוראַט ווי ער וואָלט זיי געטהאָן אַ טובה. זיי האָבען געהערט צו דעם זעלביגען ברייט־הערציגען סאָרט, ווי טהאָרנטאָן, זיי האָבען געלעבט נאָהענט צו דער ערד, געדענקט איינפאַך און געזעהן קלאָר. און איידער זיי האָבען אריינגעפיהרט דעם פליט אין דעם גרויסען סטאַוו, לעבען דער זעג־מיהל אין דאָסאָן, האָבען זיי געקענט באַק'ן און זיינע דרכים און ניט פערלאַנגט פון איהם אַזאַ חבר'שאַפט, ווי זיי האָבען געהאַט מיט סקיט און ניג'ען.

וואָס איז שייך צו טהאָרנטאָן'ען, האָט ער איהם, דאַכט זיך, ליעב געהאַט אַלץ מעהר און מעהר. נאָר ער איינער — פון אַלע מענשען — האָט געקענט ארויפלעגען אַ פּעקעל אויף באַק'ס רוקען אין די זומער־רייזען. קיין זאַך איז ניט געווען צו גרויס פאַר באַק'ן, ווען טהאָרנטאָן האָט געהייסען. איינמאָל (זיי האָבען געהאַט איינגעקויפט עסענוואַרג פון דער הכנסה פון דער פליט און האָבען זיך געלאָזט צו די קוואַלען פון דער טאַנאַנאַ), זיינען די מענער און די הינט געזעסען אויפ'ן שפּיץ פון אַ פעלז, וואָס האָט זיך אראָבגעלאָזט ווי אַ גלייכע וואַנד אויף דריי הונדערט פוס אראָב, צו אַ נאַקעטען שטיין־פעלד אונטען. דזשאָהן טהאָרנטאָן איז געזעסען ביים ראַנד, באַק לעבען זיין אַקסעל. אַן אונזיניגער קאַפּריז האָט זיך איהם פלוצלינג פערגלוסט, און ער האָט געזאָגט זיינע

חברים, ווי ער וויל טאָן. „שפּרינג באָק!“ — האָט ער געהייסען, אויסשטרעקענדיג זיין האנד איבער׳ן אָבגרונד. אין דעם נעקסטען אויגענבליק האָט ער זיך געפּאָרפּעלט מיט׳ן באָק ביים סאמע קאַנט פונ׳ם פעלז און האנס און פּיטע האָבען זיי ביידע געשלעפּט צו־ריק, צו א זיכערען פּלאַץ.

— דאָס איז כמעט איבערנאַטירליך, — האָט געזאָגט פּיטע, ווען אַלעס איז שוין געווען אריבער און זיי האָבען ווידער גע־קענט אויסרעדען א וואָרט.

טהאָרנטאָן האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. „דאָס איז וואונ־דערבאר, דאָס איז אָבער אויך שרעקליך, — האָט ער געזאָגט.
— ווייסט איהר, צייטענווייז האָב איך דערפאַר מורא.“

— איך בין ניט מקנא דעם חברה־מאַן, וואָס וועט דיך אָנ־ריהרען, ווען ער איז דערביי, — האָט פּיטע געזאָגט, ווייזענדיג אויף באָק׳ן.

— ניין, אויף מיינע נאמנות! — האָט זיך האנס אָבגערופען.
— איך אויך ניט.

נאָך איידער דער יאָהר האָט זיך געענדיגט, איז פּיטע׳ס נבואה מקוים געוואָרען. דאָס איז געווען אין סוירקעל סיטי. דער „שווארצער„ בוירטאָן, א מאַן א בייזער און א נידערטרעכ־טיגער, האָט זיך געטשעפּעט צו איינעם א „פריץ“ אין סאַלון. טהאָרנטאָן האָט זיך פריינדליך אריינגעמישט. באָק, ווי זיין שטייגער, איז געלעגען אין א ווינקעל, מיט׳ן קאָפּ אויף די לאַפּעס, און נאָכגעפאָלגט טהאָרנטאָנ׳ס יעדע בעוועגונג. בוירטאָן האָט ניט גערעדט קיין וואָרט, נאָר אויסגעשטרעקט די האנד און דער־לאַנגט טהאָרנטאָנ׳ען מיט׳ן גאנצען כח. יענער האָט זיך ניט איינגעהאַלטען אויף די פיס; אויב ער איז ניט אומגעפאַלען, איז נאָר צוליעב דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם פרענט פון דעם שענק־טיש.

די צושויער האָבען דערהערט עפּעס אזוינס, וואָס ס׳איז ניט געווען קיין בילען און ניט קיין קוויטשען, נאָר א מעכטיגער ברום, און זיי האָבען געזעהן ווי באָק׳ס קערפּער האָט זיך אָבגעטהיילט

פון דער פּאַדלאָגע און זיך אויפגעהויבען אין דער לופטען. דער הונד האָט זיך געוואָרפען אויף בוירטאָן'ס האַלז. דער מאַן האָט זיך גערעטעט דורך דעם, וואָס ער האָט אינסטינקטיוו אויסגע־שטרעקט זיין אָרעם, אָבער דערביי האָט איהם באַק איבערגע־קעהרט אהינטער און ער איז געפאַלען צו דער ערד. באַק האָט ארויסגענומען די צייהן פון דעם מאַן'ס אָרעם און זיך ווידער געוואָרפען צו זיין האַלז. יענער האָט איצט נאָר טהיילפאַל פער־האַלטען דעם אָנפאַל, און די שאַרפע צייהן האָבען אויפגעריסען זיין האַלז. דער עולם האָט זיך א וואָרף געטהאָן אויף באַקען און איהם אָבגעטריבען. מ'האָט געבראַכט א דאָקטאָר, און די גאַנצע צייט, ווען יענער האָט געבאַנדאַזשעוועט די וואונד, האָט דער הונד זיך געדרעהט הין און צוריק, געבילט אין שטאַרקער רציחה און זיך אַלץ געוואָלט װאַרפען אויף זיין קרבן. מ'האָט איהם גע־מוזט אָבהאַלטען דורך שטעקענס. באַלד איופ'ן שטעל האָט מען צוזאַמענגערופען א „מיינער'ס מיטינג"; די פערזאַמעלטע האָבען בעשלאָסען, אז באַק האָט געהאַט א גענוגענדע אורזאַכע צו בע־פאַלען דעם מאַן, און האָבען ארויסגעטראָגען אַן אורטהייל: „ניט שולדיג". אָבער באַק'ס רעפּוטאַציע איז איצט געווען שטאַרק געהויבען, און פון דעם טאָג אָן איז זיין נאָמען געווען בעקאַנט אין יעדען לאַגער פון אַלאַסקאַ.

שפּעטער ארום הערבסט־צייט, האָט ער גערעטעט טהאָרנטאָנ'ס לעבען אויף גאָר אַן אנדער אופן. די דריי שותפים האָבען אויף א שטריק געפיהרט א שיפעל אראָב־טייך, איבער דעם פאָרטי מיילס קריק. דאָס וואַסער איז אין יענעם אָרט געווען פול מיט פעלזען און שטיינער, און האָט געקאָכט ווי א קעסעל. דאָס שיפעל איז געווען לאַנג און שמאָל; האַנס און פּיטע זיינען געגאַנגען אויפ'ן ברעג און האָבען אָנגעבונדען דעם דינעם מאַנילאַ־שטריק אָן א בוים, צו פערהאַלטען די שנעלקייט פון דער בעוועגונג. טהאָרנטאָן איז געזעסען אינוועניג און מיט א שטאַנג אין האַנד געגעבען דעם שיפעל די נויטיגע ריכטונג. אין דער זעלביגער צייט האָט ער געקאָמאַנדעוועט צו די קאַמעראַדען אויפ'ן ברעג, וואָס זיי זאָלען

טהאן. באק איז געווען אויפ'ן ברעג, אויפגערעגט און צוטראגען; ער האט זיך געהאלטען נעהנטער צום שיף און אלץ ניט אראבגע־לאזט די אויגען פון זיין הערשער.

אין איין פלאץ איז די רייזע געווען גאר שלעכט. שפיצען פון אונטער־וואסער־פעלזען האבען ארויסגעשטעקט פונ'ם טייך, און דאס וואסער האט געאיילט מיט גרויס שנעלקייט. האנס האט אבגעבונדען דעם שטריק און געלאפען איבער'ן ברעג, גרייט איהם אנצובינדען אן א נייעם בוים צו פערהאלטען דאס שיפעל, ווען טהארנטאן וועט עס ארויספיהרען פון צווישען די פעלזען־שפיצען. אזוי איז דאס טאקע געווען. דאס שיפעל האט אויסגעמידען די פעלזען און איז געשוואומען אראב־טייך מיט דער שנעלקייט פון וואסער, וואס פאלט אויף א מיהל־ראד. האנס האט ער פערהאל־טען מיט'ן שטריק, אבער פערהאלטען צו ראפטאס. דאס שיפעל האט זיך איבערגעקעהרט און איז צוגעשטאנען צום ברעג מיט'ן דנא ארויף; טהארנטאן איז ארויסגעפאלען, דער שטראם האט איהם אונטערגעכאפט און גענומען טראגען אראב, צו דעם ערגסטען טהייל פון דעם טייך — א פלאץ פון ווילדען וואסער, וואו קיין שווימער האט ניט געקענט לעבען.

באק איז ארויסגעשפרונגען אין איין רגע; ווייטער מיט דריי הונדערט יארד, צווישען א וואהנזיניגען וואסער־שפרודעל, האט ער דערגרייכט צו טהארנטאן'ען. ווען ער האט דערפיהלט, אז יענער האט איהם פעסט אנגענומען פאר'ן עק, האט ער זיך געלאזט צום ברעג, שווימענדיג מיט זיין גאנצער פראכטפולער קראפט. אבער די בעוועגונג צום ברעג איז געווען לאנגזאם; די בעוועגונג אראב־טייך איז געווען מערקווירדיג שנעל. פון אונ־טען האט זיך געהערט דאס הודזשען, וואס האט גערעדט פון טויט. דער שטראם איז דא צוריסען געווארען אין דינע פאדים און וואסער־שפריצען, פראלענדיג אויף די פעלזען, וואס האבען ארויסגעשטעקט ווי די צייהן פון א קאם. ביים לעצטען בארג־אראב, וואו דער שטראם האט זיך גענויגט צו די פעלזען־צו האט דאס וואסער געאיילט ווי פייל פון אויסען בויגען. טהארנטאן

האָט געוואוסט, אַז דערגרייכען דעם ברעג איז געווען אונמעגליך, ער האָט מיט פערצווייפעלטער גבורה זיך אָנגעכאַפּט פאַר איין פעלז, ס׳האָט איהם אריבערגעשלעפּט איבער אַ צווייטען, אויפ׳ן דריטען האָט ער איהם ארויפגעוואָרפען מיט אַ געוואַלטיגען אימ־פּעט. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר׳ן גליטשיגען שפּיץ מיט ביידע הענד, דערביי האָט ער אָבגעלאָזט באַק׳ן און איבער דעם רויש פון דעם שווימענדען וואסער האָט זיך דערהערט זיין געשריי: „געה, באַק! געה!“

באַק האָט זיך ניט געקענט האַלטען. דאָס וואסער האָט איהם געטראָגען אראָב, ער האָט געקעמפּפט מיט אַלע זיינע כחות, אָבער ער האָט ניט געקענט שווימען צוריק. ווען ער האָט דערהערט טהאָרנטאָנ׳ס קאָמאַנדע אַ צווייטען מאָל, האָט ער זיך טהיילווייז אונטערגעהויבען פונ׳ם וואסער, שטרעקענדיג דעם קאָפּ אין דער הויך, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט ארומקוקען צום לעצטען מאָל, דאַן האָט ער זיך געהאָרכזאַם געלאָזט צום ברעג. ער האָט מעכ־טיג געשוואומען, און פּיטע און האַנס האָבען איהם ארויסגעצויגען אויפ׳ן ברעג אין דעם אָרט, וואו שווימען איז געוואָרען אונמעגליך או דער טויט איז געווען נאָהענט.

זיי האָבען געוואוסט, אַז האַלטען זיך פאַר אַ גליטשיגען פעלז פּנים אל פּנים מיט אַ שנעלען וואסער־שטראָם איז מעגליך העכ־סטענס עטליכע מינוט, האָבען זיי זיך געלאָזט לויפען מיט אימ־פּעט ארויף ברעג, צו אַ פּלאַץ ווייט העכער פון דעם פונקט, וואו טהאָרנטאָן איז געהאַנגען. זיי האָבען גענומען דעם שטריק פונ׳ם שיפעל און איהם אָנגעבונדען איבער באַק׳ס האַלז און פּלייצע, אָבער אזוי אַז ס׳זאָל איהם ניט ווארגען און איהם ניט שטערען צו שווימען. דאַן האָבען זיי געלאָזט באַק׳ן אין טייך אריין. ער האָט זיך אַ לאָז געטהאָן מיט קוראַזש, אָבער ניט פונקט גלייך אין שטראָם אריין. ווען ער האָט ענטדעקט זיין טעות, איז שוין גע־ווען צו שפּעט. ער איז טאַקע צוגעשוואומען נאָהענט צום פּלאַץ, וואו טהאָרנטאָן איז געווען. עטליכע מאָל אַ מאַך געטהאָן מיט די לאַפּעס — און ער וואָלט געווען לעבען איהם, אָבער דאָס

וואָסער האָט איהם שוין געטראָגען אַראָב, ווייטער און ווייטער, און ער האָט ניט געקענט העלפען..

האָנס האָט שנעל צוגעבונדען דעם שטריק צו אַ בוים, אַקוראַט ווי באָק וואָלט געווען אַ שיף. דער שטריק האָט זיך אָנגעצויגען צוליעב דער קראַפט פונ׳ם שטראָם, באָק איז אַראָב אונטער׳ן וואָסער, און אַזוי אונטערן וואָסער איז ער פערבליבען די גאַנצע צייט, וואָס האָנס און פּיטע האָבען איהם געצויגען, — ביז זיין קערפּער האָט זיך אָנגעשלאָגען אָן ברעג, און מ׳האָט איהם אַרויסגעשלעפּט פון וואָסער. ער איז געווען האַלב דערטרונקען, און האָנס און פּיטע האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף איהם און איהם גענומען אַריינשלאָגען אָטהעם און אַרויסשלאָגען פון איהם דאָס וואָסער. ער האָט זיך קוים מיט צרות אויפגעשטעלט אויף די פיס און ווידער אומגעפאַלען. דער שוואַכער קלאַנג פון טהאָרנטאָן׳ס שטימע האָט דערגרייכט צו זיי און כאָטש זיי האָבען ניט געקענט פערשטעהן די ווערטער, האָבען זיי געוואוסט, אַז ער האַלט ביי זיינע לעצטע כחות. דעם הערשער׳ס שטימע האָט געווירקט אויף באָק׳ן ווי אַן עלעקטרישער שטראָם. ער איז אויפגעשפּרונגען און זיך געלאָזט פאַראויס צו דעם פּלאַץ, פון וואַנען מ׳האָט איהם פריהער אַריינגעלאָזט אין טייך. ער האָט געאיילט שנעלער פון די מענער.

ווידער האָט מען איהם אָנגעטשעפּעט דעם שטריק און ווידער האָט מען איהם געלאָזט אין טייך אַריין, אָבער דאָס מאָל איז ער שוין גלייך אַריינגעשפּרונגען אין שטראָם. ער האָט שלעכט בערעכענט איינמאָל, ער וועט אָבער ניט זיין שולדיג אַ צווייטען מאָל. האָנס האָט נאָכגעלאָזט דעם שטריק, אָבער אַזוי, אַז ער זאָל כסדר בלייבען אָנגעצויגען, און פּיטע האָט געזעהן, אַז ער זאָל זיך ניט פערפּלאָנטערן. באָק האָט זיך געהאַלטען ביז ער איז געווען פונקט אויף דער ליניע איבער טהאָרנטאָנ׳ען, דאַן האָט ער זיך אַ לאָז געטהאָן צו איהם מיט דער שנעלקייט פון אַן עקספּרעס. טהאָרנטאָן האָט געזעהן, אַז ער קומט, און ווען באָק האָט איהם אַ קלאַפּ געטהאָן מיט דער קראַפט פון אַ ריעזיגען האַמער, בעוועגט דורך דער מאַכט פון דעם גאַנצען שטראָם הינטער איהם,

האָט ער זיך אונטערגעהויבען און געשלאָסען זיינע אָרעמס אַרום דעם צופּאַטעלטען האַלז. האַנס האָט אָנגעבונדען דעם שטריק צו אַ בוים, און באָק און טהאָרנטאָן זיינען אַרונטער אונטער'ן וואַסער, ווען מ'האָט זיי אָנגעהויבען ציהען. דערוואָרגענע, דער־שטיקטע, אַמאָל איינער איבער'ן אַנדערען, געשלעפּטע איבער דעם שטיינערדיגען דעק פונ'ם טייך, געקלאַפּטע אָן פעלזען און וואָרצלען זיינען זיי צוגעצויגען געוואָרען צום ברעג.

ווען טהאָרנטאָן איז געקומען צו זיך, איז ער געלעגען אויף אַ קלאָץ מיט'ן בויך אַראָב, און האַנס און פּיטע האָבען איהם גע־קאַטשעט הין און צוריק. זיין ערשטען קוק האָט ער געוואָרפען אויף באָק'ן. יענער איז געלעגען שוואַך, מאַט, ווי אָהן לעבען. איבער איהם איז ניג געשטאַנען און געוואָיעט, בשעת סקיט האָט געלעקט זיין פייכטען פּנים און געשלאָסענע אויגען. טהאָרנטאָן אַליין איז געווען צוקיילט און צובייזלט, און ווען באָק איז געקומען צו זיך און ער האָט איהם גענוי בעטראַכט, האָט ער געפונען, אַז דריי ריפּען זיינען ביי איהם געווען צובראָכען.

— אויב אַזוי איז ניטאָ וואָס צו ריידען, — האָט ער ער־קלעהרט, — מיט בלייבען דאָ.

און זיי זיינען געבליבען. מ'האָט געמאַכט אַ לאַגער און גע־וואוינט, ביז באָק'ס ריפּען האָבען זיך צונויפגעוואַקסען און ער האָט ווידער געקענט רייזען.

נעקסטען ווינטער, אין דאָסאָן, האָט באָק אָבגעטהאָן אַ שטיקעל אַרבייט, וואָס איז אפשר ניט געווען אַזוי העלדיש, נאָר וואָס האָט דערהויבען זיין נאָמען נאָך העכער צווישען די בעריהמהייטען פון די אַלאַסקער שבטים. דאָס שטיקעל אַרבייט איז געווען בעזונדערס אָנגענעהם פאַר די דריי מענער, ווייל דאָס האָט זיי פערשאַפט די נויטיגע מכשירים און האָט זיי געגעבען אַ מעגליכקייט צו מאַכען די לאַנג־געווינשטע נסיעה אין ווייטען מזרח, וואו קיינער פון די גאָלד־גרעבער איז נאָך ניט געווען. אָנגעהויבען האָט זיך עס מיט אַ שמועס אין שענק־עלדאָראַדאָ, וואו די מענער האָבען זיך בעריהמט מיט זייערע געליעבטע הינט. באָק, צוליעב זיין

רוהם, האָט אַרויסגערופֿען ניט ווייניק קריטיק, און טהאָרנטאָן האָט איהם געמוזט פערטהיידיגען. ס'איז נאָך ניט אַריבער קיין האַלבע שעה, האָט איינער פון די מענער ערקלעהרט, אַז זיין הונד קען ריהרען פון אָרט אַ שליטען מיט פינף הונדערט פונט און אָב־געהן מיט איהם אַ שטיקעל וועג, אַן אַנדערער האָט זיך געריהמט, אַז זיין הונד וועט ציהען זעקס הונדערט, און נאָך אַן אַנדערער— זיבען הונדערט פונט.

— אָוואַ, אַ וואַזשנע זאַך, — האָט דזשאָהן טהאָרנטאָן גע־זאָגט, — באַק קען ריהרען פון אָרט אַ טויזענט פונט.

— און אָברייסען דעם שליטען פון גרונד און אָבגעהן מיט איהם אַ הונדערט יאַרד? — האָט געפרעגט מאַטהיוסאָן, אַ באָ־נאַנזאַ־קעניג — דער וואָס האָט זיך בעריהמט מיט זיבען הונדערט.

— און אָברייסען פון גרונד און אָבגעהן אַ הונדערט יאַרד,— האָט דזשאָהן טהאָרנטאָן קיהל געענטפערט.

— גוט, — האָט מאַטהיוסאָן געזאָגט, לאַנגזאַם און מיושב'דיג, אַזוי אַז אַלע זאָלען קענען הערען. — איך וועט טויזענט דאָלאַר, אַז ער קען ניט. אָט זיינען זיי. — און מיט די ווערטער האָט ער אַ שליידער געטהאָן אויפ'ן טיש אַ זאַק מיט גאָלד־שטויב, אַזוי גרויס ווי אַ באָלאָניאַ־וואורשט.

קיינער האָט ניט גערעדט. טהאָרנטאָנ'ס בלאָף, אויב דאָס איז געווען אַ בלאָף, איז איצט געשטעלט געוואָרען אונטער אַ פראַגע־צייכען. ער האָט געפיהלט, ווי אַ שטראָם הייסע בלוט קריכט איהם אין פּנים אַריין. זיין צונג האָט איהם אָבגעטהאָן אַ שפּיצעל. ער האָט ניט געוואוסט, אַז באַק קען ריהרען פון אָרט אַ טויזענט פונט. אַ האַלבען טאָן! די ריעזיגקייט פון דער משא האָט איהם ממש דערשראָקען. ער האָט שטאַרק געגלויבט אין באַק'ס כח און האָט אָפט געטראַכט, אַז באַק וואָלט געקענט ריהרען אַזאַ משא; אָבער קיינמאָל איז ער ניט געשטאַנען, ווי איצט, פּנים אל פּנים מיט אַזאַ מעגליכקייט. די אויגען פון אַ טוץ מענער האָבען געקוקט אויף איהם; אַלע האָבען געשוויגען, פול מיט ער־

ווארטונג. צו איז דאָס באמת מעגליך? אויסערדעם האָט ער ניט געהאַט קיין טויזענד דאָלאַר, ניט ער, ניט האנס און ניט פיטע.

— אינדרויסען שטעהט איצט מיינער אַ שליטען, מיט צוואַנציג פופציג־פונטיגע זעקליך מעהל, — האָט מאַטהיוסאָן פאַרטגעזעצט, קאַלט ווי אַ גזלן. — זאָל דאָס דיך ניט אָבהאַלטען.

טהאָרנטאָן האָט ניט געענטפערט. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגען. ער האָט געקוקט פון פּנים צו פּנים, ווי אַ מענש וואָס האָט פערלוירען די פעהיגקייט צו דענקען און זוכט אָן אָנ־האַלט, כדי ווידער צו געפינען זיך אַליין. דער פּנים פון דזשים אַ'ברייען, אַ מאסטאַדאָן־קעניג, זיינער אַן אַלטער גוטער פריינד, האָט זיך איהם געוואָרפען אין די אויגען. דאָס איז איהם געווען ווי אַ וועג־ווייזער, ס'האָט איהם אריינגעגעבען מוטה צו טהאָן אַ זאַך, וואָס ער וואָלט וועגען איהר קיינמאָל אפילו ניט געטרוימט.

— קענסט מיר לייהען טויזענט דאָלאַר? — האָט ער געפרעגט כמעט שעפּטשענדיג שטילערהייט.

— געוויס, — האָט אָ'ברייען געענטפערט און אוועקגעלעגט אַ פעטען זאַך לעבען מאַטהיוסאָן'ס. — כאָטש, דעם אמת זאָ־גענדיג, גלויב איך וועניג, אַז דיין חיה זאָל טהאָן דעם טריק.

דער שענק עלדאָראַדאָ איז געוואָרען לעדיג. אַלע האָבען זיך אַרויסגעשיקט אין גאַס צו זעהן די פּרוף. די שפּיעל־האַלטער זיינען אויך אַרויסגעקומען אין גאַס צו זעהן וואָס וועט זיין, און צו וועט־טען זיך. עטליכע הונדערט מענער, אָנגעטהאָן אין פוטערס, מיט הענטשקעס אויף די הענד, האָבען זיך אויסגעשטעלט ווי אַ וואַנד אַרום און אַרום, ניט ווייט פונ'ם שליטען. מאַטהיוסאָן'ס שליטען, מיט טויזענט פונט מעהר, איז געשטאַנען עטליכע שעה אויף דער גרויסער קעלט (ס'איז געווען זעכציג אונטער נול) און די גליטש־אייזענס זיינען פעסט צוגעפרוירען צום איינגעטרעטענעם שנעע. מ'האָט אָנגעבאָטען אַ וועט, צוויי געגען איינס, אַז באַק וועט ניט ריהרען דעם שליטען. אַ שטיקעל מחלוקה איז פאַרגעקומען וועגען דעם, וואָס הייסט „אַברייסען פון גרונד". אָ'ברייען האָט געהאַל־טען, אַז טהאָרנטאָן מעג אַליין ריהרען דעם צוגעפרוירענעם שליטען

פון זיין אָרט און נאָר לאָזען באַק׳ען איהם „אַברייסען פון גרונד“ בשעת ער וועט שטעהן אונבעוועגליך. מאַטהיוסאָן האָט געטענה׳ט, אַז „אַברייסען“ הייסט — דער הונט זאָל טאַקע אָברייסען די גליטש־אייזענס פון דעם געפרוירענעם שנעע. די מעהרהייט פון די וואָס האָבען בייגעוואוינט דעם וועט האָבען בעשלאָסען, אַז מאַטהיוסאָן איז גערעכט. מ׳האָט שוין איצט אָנגעבאָטען דריי געגען איינס, אַז טהאָרנטאָן פערליערט.

קיינער האָט זיך אָבער ניט געוואָלט וועטען. קיינער האָט ניט געגלויבט, אַז באַק איז פעהיג אויסצופיהרען אַזאַ טהאַט. טהאָרנטאָן האָט זיך געגען זיין ווילען אריינגעצויגען אין וועט, זיין צווייפעל איז בכלל געווען שווער. איצט אָבער, ווען ער האָט דערזעהן דעם קאָנקרעטען פאַקט — דעם שליטען מיט דעם שפּאַן פון צעהן הינט, וואָס זיינען געלעגען פאַר איהם אויפ׳ן שנעע, איז די זאַך איהם אויסגעקומען נאָך אונמעגליכער. מאַטהיוסאָן האָט טריאומפירט.

— דריי געגען איינס! — האָט ער ערקלעהרט. — איך לעג צו אַ נייעם טויזענטער, טהאָרנטאָן. האַ, וואָס זאָגסטו?

טהאָרנטאָן׳ס צווייפעל איז געווען גרויס, מ׳האָט דאָס געקענט זעהן אין זיין פּנים, אָבער זיין קאַמפּפס־לוסט איז איצט געוואָרען וואַך — דער גייסט פון קאַמפּף, וואָס הויבט זיך העכער פון אַלע וואָרשיינליכקייטען, וואָס וויל ניט אַנערקענען דאָס אונמעגליכע, און איז טויב צו אַלעם אויף דער וועלט, אחוץ דעם קאַמפּס־רוף. ער האָט צוגערופען האַנס׳ען און פּיטע׳ן. זייערע זעק זייען געווען מאָגער, און די דריי שותפים צוזאַמען האָבען קוים געקענט צונויפשאַרען צוויי הונדערט דאָלאַר. אין דער איצטיגער שווערער צייט איז דאָס געווען זייער גאַנצער פערמעגען. אָבער אָהן טענות האָבען זיי דאָס איינגעשטעלט אַנטקעגען מאַטהיוסאָן׳ס זעקס הונדערט.

מ׳האָט אָבגעשפּאַנט די הינט פונ׳ם שליטען און איינגעשפּאַנט באַק׳ען מיט זיין אייגענעם כאָמוט. באַק האָט זיך אָנגעשטעקט מיט דער אַלגעמיינער אויפרעגונג און האָט געפיהלט, אַז עפּעס

אַ גרויסע זאַך מוז ער טהאָן פאַר דזשאהן טהאָרנטאָן. ווען מ'האָט איהם דערזעהן, איז אַ מורמעל פון בעוואונדערונג דורכגעגאַנגען דורכ'ן עולם. ער האָט אויסגעזעהן גלענצענד. זיין צושטאַנד איז געווען אויסגעצייכענט. ער האָט ניט געהאַט קיין איין אונץ איבעריגע פלייש; די הונדערט און פופציג פונט, וואָס ער האָט געוואויגען, זיינען געווען הונדערט און פופציג פונט ענערגיע און קראַפט. זיין פוטער האָט געגלאַנצט ווי זיידענס. די האָר אויף זיין האַלז און ארום זיין פלייצע, אפילו ווען זיי זיינען געווען אין רוהיגען צושטאַנד, זיינען זיי האַלב געשטאַנען און האָבען זיך ווי געהויבען מיט יעדער בעוועגונג, אַקוראַט ווי דער איבערפלוס פון כח האָט געמאַכט יעדע איינציגע האָר לעבעדיג און טהעטיג. די ברייטע ברוסט און די שווערע פאָדערשטע פיס האָבען געפאַסט צום איבעריגען קערפּער, וואו די מוסקעלן האָבען זיך ארויסגעזעהן אין הארטע קנוילען אונטער דער הויט. די מענער האָבען געטאַפּט די מוסקעלן און האָבען ערקלעהרט, אַז זיי זיינען שטייף ווי אייזען. מ'האָט איצט אָנגעבאָטען צוויי געגען איינס.

— גאָט, סער! גאָט, סער! — האָט געשטאַמעלט איינער פון דער לעצטער דינאַסטיע, אַ קעניג פון די סקוקום־בענק. — איך גיב אייך פאַר איהם אַכט הונדערט, סער, איידער איהר פּרואווט איהם, סער. אַכט הונדערט ווי ער שטעהט און געהט.

טהאָרנטאָן האָט געשאָקעלט זיין קאָפּ אויף ניין און האָט זיך געשטעלט לעבען באָק'ען.

— איהר טאָרט ניט שטעהן לעבען איהם, — האָט מאטהיוסאָן פּראָטעסטירט. — פרייע שפּיעל און גענוג פּלאַץ.

דער עולם איז געוואָרען שטיל. מ'האָט נאָר געקענט הערען די שטימען פון די שפּיעלער, וואָס האָבען אָנגעבאָטען צוויי געגענס איינס. אַלע האָבען אַנערקענט, אַז באָק איז אַ פּראַכטפולע בעשעפעניש. אָבער צוואַנציג פופציג־פונטיגע זעק מעהל האָבען אויסגעזעהן צו געוואַלטיג אין זייערע אויגען, אַז זיי זאָלען וועלען פאַנאַדערשנורעווען זייערע בייטעלם.

טהאָרנטאָן האָט זיך געשטעלט אויף די קניע לעבען באָק'ן.

ער האָט אריינגענומען זיין קאָפּ איןביידע הענט און צוגעלעגט אַ באַק צו אַ באַק. ער האָט איהם ניט געשאָקעלט, שפּילענדיג, ווי זיין שטייגער איז געווען, און ניט געמורמעלט קיין ווייכע ליעבע־קללות, נאָר ער האָט אריין געשעפּטשעט אין זיין אויער. „ווי דו ליעבסט מיך, באַק. ווי דו ליעבסט מיך" — האָט ער געשעפּטשעט. באַק האָט געקאַוויטשעט פּאָר גרויס חשק צו טהאָן עפּעס.

דער עולם האָט נייגעריג געקוקט. די געשיכטע איז געוואָרען געהיימניספול. עס האָט אויסגעזעהן ווי אַ כשוף־שפּרוך. ווען טהאָרנטאָן האָט זיך ווידער אויפגעהויבען, האָט באַק אריינגענומען זיין האנד מיט דער הענטשקע אין מויל אריין, געדריקט זי מיט זיינע יאַסלעס און לאַנגזאַם, אָהן חשק, אָבגעלאָזט. דאָס איז געווען זיין ענטפער, ניט מיט ווערטער, נאָר מיט ליעבע. טהאָרנטאָן איז אָבגעטרעטען אַביסעל ווייטער.

— נו, באַק, — האָט ער געזאָגט.

באַק האָט אָנגעצויגען די רימענס, דאַן האָט ער זיי אָבגעלאָזען אויף עטליכע אינטשעס. אַזוי האָט מען איהם געלערענט.

— גוט! — טהאָרנטאָנ'ס שטימע האָט שאַרף אָבגעקלונגען אין דער אָנגעשפּאַנטער שטילקייט.

באַק האָט זיך אַ לאָז געטהאָן רעכטס, דאַן אַ שפּרונג געטהאָן אַזוי, אַז די רימענס האָבען זיך ווידער אָנגעצויגען און די הונדערט פּופציג פונט פון זיין אייגענעם געוויכט זיינען פּלוצלינג פערהאַלטען געוואָרען דורך אַ שנעלען רוק אויף צוריק. די משא האָט אַ ציטער געטהאָן, און אַ טרוקען קנאַקען האָט זיך דערהערט פון אונטער די גליטש־אייזענס.

— האָ! —האָט טהאָרנטאָן געקאָמאַנדעוועט.

באַק האָט איבערגע'חזר'ט זיין מאַנעווער, איצטיגס מאָל אויף לינקס. פון דעם קנאַקען איז געוואָרען אַ סקריפּען, דער שליטען האָט זיך אַ דרעה געטהאָן, די גליטש־אייזענס האָבען זיך אָבגערוקט אויף עליכע אינטשעס. דער שליטען איז געווען אָבגעריסען פון גרונד. די מענער האָבען איינגעהאַלטען זייערע אָטהעמס, ניט וויסענדיג דערפון.

— איצט — ש ל ע פ!

טהארנטאנ'ס קאמאנדא־רוף האט זיך דערהערט ווי א שאס פון א פיסטויל. באק האט זיך א ווארף געטהאן פאראויס, די רימענס האבען זיך אנגעצויגען פון זיין מעכטיגען שטויס. זיין גאנצער קערפער איז געווען צונויפגעפרעסט אין דער ריעזיגער אנ־שטרענגונג, די מוסקולען האבען זיך געדרעהט און געוויקעלט אונ־טער דעם זיידענעם פוטער ווי לעבעדיגע בעשעפענישען. זיין ברייטע ברוסט איז געווען ניעדריג ביי דער ערד, זיין קאפ אויס־געצויגען פארווערטס און ארונטער, זיינע פיס האבען געמאכט שנעלע פערצווייפעלטע בעוועגונגען, קראצענדיג דעם הארט־איינ־געטרעטענעם שנעע מיט די נעגעל און מאכענדיג צוויי לענגליכע גראבענס. דער שליטען האט זיך געוויעגט און געציטערט, האלב געריהרט פון ארט. איינער פון באק'ס פיס האט זיך אויסגע־גליטשט, און איינער פון די מענער האט הויך א קרעכץ געטהאן. דאן האט דער שליטען זיך גענומען רוקען. ס'האט אויסגעזעהן, אז ער ווערט געשטויסען פארווערטס, איין שנעלער שטויס נאך דעם אנדערען. אין אמת'ען איז ער שוין גאר ניט געבליבען שטעהן שוין אפילו אויף איין רגע... א האלבער אינטש... אן אינטש... צוויי אינטשעס... דאס שטויסען האט ביסלעכווייז אויפגעהערט; דער שליטען האט זיך געריהרט שנעלער, דאס ציהען איז געווארען גרינגער. באק האט איצט לאנגזאם געשפאנט פארווערטס.

די מענער האבען איבערגעכאפט דעם אטהעם, ניט וויסענדיג, אז זיי האבען איהם איינגעהאלטען די גאנצע צייט. טהארנטאן איז געלאפען הינטען און אונטערגעגעבען באק'ן חשק דורך קורצע, פריינדליכע ווערטער. די שטרעקע האט מען פריהער געהאט אב־געמאסטען, און ווען באק איז געקומען נאהענט צו דער קופע האלץ, וואס דאס איז געווען דער גרעניץ, האט א פרייד־געשריי גענומען וואקסען און וואקסען. ווען ער איז פארביינעגאנגען די קופע האלץ און זיך אבגעשטעלט אויף טהארנטאנ'ס בעפעהל, האט דער גע־שריי זיך פערוואנדעלט אין א שטורעם. יעדער איינער איז ארויס פון די כלים, אפילו מאטהיוסאן. היט און הענטשקעס זיינען גע־

פליגען אין דער לופטען. מענשען האָבען זיך גערריקט די הענט, בעקאַנטע און אונבעקאַנטע אַלע איינס. אַלעס האָט געקאָכט און געשוימט אין התפעלות. אַלע האָבען גערעדט און געשריען.

אַבער טהאַרנטאָן איז געפאַלען אויף די קניע לעבען באָק'ן, אַ קאָפּ איז געווען אַנגעלעהנט אַן אַ קאָפּ, און ער האָט איהם גע־שאָקעלט הין און צוריק. די וואָס זיינען צוגעגאַנגען נעהנטער, האָבען געהערט, ווי ער שילט באָק'ן, און ער האָט איהם געשאָלטען לאַנג און היים, און ווייך און ליעבענד.

— גאָט, סער! גאָט, סער! — האָט געשטאַמעלט דער קעניג פון סקוקום־באַנק. — כ'וועל אייך געבען פאַר איהם אַ טויזענטער, סער, אַ טויזענטער, סער, — צוועלף הונדערט, סער.

טהאַרנטאָן האָט זיך אויפגעהויבען. זיינע אויגען זיינען גע־ווען פייכט. טרעהרען זיינען פריי גערונען איבער זיינע באַקען. „סער, — האָט ער געזאָגט צום קעניג פון סקוקום־באַנק, — ניין, סער. איהר קענט געהן צום טייוועל, סער. דאָס איז אַלעס, וואָס איך קען פאַר אייך טהאָן, סער."

באָק האָט אַנגענומען טהאַרנטאָנ'ס האַנד אין זיינע צייהן. טהאַרנטאָן האָט איהם געשאָקעלט הין און צוריק. די צושויער, ווי בעזעעלט פון אַן אַלגעמיינעם געפיהל, האָבען אָבגעטרעטען און געשטאַנען אַן אַ זייט, פול מיט רעספּעקט. קיינער האָט שוין מעהר ניט איבערגעריסען די סצענע.



די לבנה האָט געשײַנט האַלב חודש.

# דער רוף פון דער ווילדער וועלט.



י זעכצעהן הונדערט דאלאר, וואס באק האט פערדיענט פאר זיין הערשער אין פינף מינוט, האבען געמאכט מעגליך, אז זשאהן טהארנטאן זאל אבצאהלען א טייל פון זיינע חובות און זיך לאזען מיט זיינע חברים אויף א רייזע אין וויטען מזרח. געזוכט האבען זיי די לעגענדארישע פערלאזענע גאלד־מינע, וואס די געשיכטע איהרע איז געווען פונקט אזוי אלט, ווי די געשיכטע פונ'ם לאנד. פיעלע האבען געזוכט די וואונדערבארע מינע, ווענינע האבען זיי געפונען; און גרויס איז געווען די צאהל פון זוכער, וואס האבען זיך קיינמאל ניט אומגעקעהרט פון זייער רייזע.

די פערלארענע מינע איז געווען פערזונקען אין טראגעדיע און פערהילט אין סוד. קיינער האט ניט געוואוסט, ווער דער ערשטער מאן איז געווען. די עלטסטע טראדיציע איז ניט דערגאנגען צו איהם. פון אנפאנג איז געווען אן אלטע שטיבעל, כמעט א חורבה. מענשען האבען פאר'ן טויט געשווארען, אז זיי האבען זי געזעהן, און האבען געזעהן די מינע לעבען שטיבעל, און פאר א סימן האבען זיי געוויזען קערענדלעך גאלד, וואס זיינען געווען פערשיידען פון אלע סארטען גאלד אין צפון־לאנד.

אבער קיין לעבעדיגער מענש האט ניט אויסגעלעדיגט דעם גרויסען אוצר, און די טויטע זיינען געווען טויט. דעריבער האבען דזשאהן טהארנטאן און פיטע און האנס, מיט באק'ן און א האלב טוץ אנדערע הינט, זיך אוועקגעלאזט קיין מזרח איבער אן אומבעקאנטען שטעג צו דערגרייכען דאס, וואס מענער און הינט און זיי אליין האבען ביז אהער ניט דערגרייכט. זיי זיינען גע־

פאהרען צוואנציג מייל ארויף טייך איבער'ן יוקאן, זיך פערקירע־וועט לינקס אויפ'ן סטיוארט־טייך, פארבייגעפאהרען די מעיא און די מעק־קוועסטשאן און געצויגען ווייטער ביז דער סטיוארט אליין איז געווארען א ריטשקעלע, און דער וועג האט געפיהרט איבער הויכע פעלזען, וואס האבען בעצייכענט דעם רוקען־ביין פון דעם קאנטינענט.

דזשאהן טהארנטאן האט וועניג געפאדערט פון דער נאטור אדער פון די מענשען. ער האט זיך ניט געשראקען פאר דער מדבר. מיט א הויפען זאלץ און א ביקס אין האנד האט ער זיך געקענט פערטיעפען אין דעם ווילדסטען פערוואָרפענעם לאנד און האט זיך געקענט אויפהאלטען וואו ער האט געוואלט און וויפיעל ער האט געוואלט. בטבע איז ער ניט געווען קיין איילענדיגער, ווי עס איז דער שטייגער פון די אינדיאנער; פלעגט ער זיך שיסען זיין מאהל־צייט אינ'ם משך פון דער רייזע; טאמער האט ער א טאג ניט געכאפט גארניט, פלעגט ער, אויך אויפ'ן אינדישען שטיי־גער, זיך געהן רוהיג ווייטער, וויסענדיג אז סוף כל סוף וועט ער זיינס געפינען. די שפייז פון די מענער און הינט אויף אט דער גרויסער רייזע איז געווען פלייש און נאר פלייש. אויפ'ן שליטען האט מען הויפטזעכליך געפיהרט אמוניציע און געצייג, און דער רייזע־פלאן האט זיך געצויגען אין דער אונבעשרענקטער צוקונפט אריין.

פאר באק'ן איז דאס געווען א שמחה אהן א ברעג — אט דאס פיש־כאפען, חיות־שיסען און וואנדערען אהן א פלאן. אמאל פלע־גען זיי רייזען גאנצע וואכען נאכאנאנד, א טאג נאך א טאג; און אמאל פלעגען זיי גאנצע וואכען שטעהן אויף איין ארט, מאכען א לאגער. די הינט פלעגען דאן ארומלויפען לעדיג, און די מענער פלעגען דורכברענען לעכער דורך דער פערפרוירענער בלאטע און צושטויסענע שטיינער, און דורכוואשען אונצעהליגע פאנען מיט שמוץ ביי דער היץ פונ'ם פייער. אמאל פלעגען זיי ניט עסען גאנצע טעג, אמאל פלעגען זיי האבען א סעודה כיד המלך — אלץ האט זיך געווענדט, אויב ס'איז געווען וואס צו כאפען און אויב

זיי האבן געהאט גליק אין גײעג. דער זומער איז געקומען: די מענער און די הינט האבן אנגעלאדען די משא אויף זייערע פּלייצעס, און געפאהרען אויף פאראמען איבער בלאהע בערג־אזארעס, און געשוואומען איבער אונבעקאנטע טייכען און לייכטע שיפלעך, געמאכט פון די בוימער אין וואלד.

חדשים זיינען געקומען און פערשוואונדען, און זיי האבן זיך געדרעהט אהין און אהער איבער דעם גוואלטיגען לאנד, וואס איז אפילו ניט געווען בעצייכענט אויף דער קארטע. קיין לעבעדיגען מענשען האבן זיי ניט בעגעגענט, און דאך זיינען דא אמאל געווען מענשען, אויב מען זאל גלויבען דער געשיכטע מיט דעם פערלאזענעם שטיבעל. זיי זיינען געגאנגען איבער בערג־רוקענס אין זומערדיגע זאווערוכעס; געציטערט האלבע נאכט אונטער דער ליכט פון דער זון אויף נאקעטע בערג, צווישען דער וואלד־ליניע און דעם אייביגען שניי; אראבגענידערט אין זומער־טהאלען צווישען וואלקענס פון מאסקיטאס און פליגען; און אין שאטען פון אייזבערג האבען זיי געריסען זאפטיגע יאגדעס און בלומען — אזוי פריש און צייטיג, אז דאס שעהנסטע דרום־לאנד האט זיך מיט בעסערס ניט געקענט בעריהמען. הערבסט־צייט זיינען זיי אנגעקומען אין אן אונהיימליך לאנד, טרויעריג און שטיל, פול מיט אזערעס. זומער זיינען דארט געווען פויגלען, איצט איז ניט געווען קיין סימן פון לעבען, נאר קאלטע ווינטען האבען געבלאזען, אייז האט זיך בעוויזען אין די פערשטעלטע פלעצער, און די כוואליעס האבען אומעטיג גערוישט ביי די איינזאמע ברעגען.

נאך א ווינטער האבען זיי געוואנדערט איבער פערווישטע שפורען פון מענשען, וואס זיינען פריהער דא געווען. איינמאל האבען זיי געפונען א שטעג אין וואלד, אן אלטען שטעג בעצייכענט דורך סמנים אויף די בוימער. עס האט אויסגעזעהן, אז דאס פערלאזענע שטיבעל איז שוין געווען נאהענט. אבער דער שטעג האט זיך אין ערגעץ ניט אנגעהויבען און אין ערגעץ ניט געענדיגט, און ער איז געבליבען א סוד, פונקט ווי די מענשען וואס האבען איהם געמאכט און די סבה, פאר וואס זיי האבען

איהם געמאכט. אז אנדערש מאל האבען זיי אנגעטראפען אויף א יענער־געצעלט, וואס איז איינגעפאלען פאר אלטקייט, און צווישען די שטיקער צופוילטע קאלדרעס האט דזשאהן טהארנ־טאן געפונען אן אלטע ביקס מיט א שטיין־שלאס. ער האט געוואוסט, אז דאס איז געווען א ביקס פון די ערשטע צייטען פון דער האדסאן בעי קאמפאניע אין צפון־מערב־לאנד, ווען אזא ביקס איז ווערטה געווען א הויפען ביבער־פעל אזוי הויך ווי זי אליין. אבער דאס איז געווען אלעס, — קיין שום צייכען, ווער איז געווען דער מענש, וואס האט אמאליגע יאהרען אויפגעשטעלט דאס געצעלט און געלאזט די ביקס צווישען די קאלדרעס.

דער פריהלינג איז ווידער געקומען, און צום שלוס פון זייער וואנדערונג האבען זיי געפונען ניט דאס פערלאזענע שטיבעל, נאר א פלאץ אין א ברייטען טהאל, וואו דאס גאלד האט זיך געוויזען ווי געלע פוטער אויפ'ן דעק פון דער וואש־פאן. זיי האבען שוין מעהר ניט געזוכט. יעדער טאג ארבייט האט זיי גע־בראכט עטליכע טויזענד דאלאר אין גאלד־שטויב און קערנדלעך, און געארבייט האבען זיי יעדען טאג. דאס גאלד האבען זיי איינ־געפאקט אין זעק פון הירש־פעל, פופציג פונט א זאק, און צונויפ־געלעגט אין הויפענס, ווי געהילץ, לעבען דעם צווייגען־געצעלט. זיי האבען געארבייט ווי ריעזען; טעג נאך טעג פלעגען איילען ווי בליצען, פערשווינדען ווי א חלום, און זיי האבען אלץ גרעסער געמאכט זייער אוצר.

פאר די הינט איז קיין ארבייט ניט געווען, א חוץ ברענגען צום לאגער די חיות, וואס טהארנטאן האט געשאסען פון צייט צו צייט, און באק האט פערבראכט לאנגע שעה'ען ליגענדיג ביים פייער פערטיעפט אין געדאנקען. די געשטאלט פון דעם האריגען מאן מיט די קורצע פיס פלעגט איצט, אין דער לעדיגער צייט, אפטער אויפשטעהן אין זיין פאנטאזיע, און באק פלעגט קוקען אין פייער און זעהן ווי ער וואנדערט מיט איהם אין אן אנדער וועלט.

ער האָט גוט געקענט אָט די וועלט. די כאַראַקטעריסטישע זאַך אין אָט דער וועלט איז געווען שרעק. קוקענדיג אויפ'ן האַריגען מאַן, ווען יענער איז געשלאָפען ביים פייער, מיט דעם קאָפּ צווישען די קניע און די הענד צונויפגעשלאָסען אויבען, האָט באַק געזעהן, אַז ער שלאָפט אומרוהיג, אַז אַלעמאָל וואַרפט ער זיך און כאַפּט זיך אויף, און דערביי קוקט ער שרעקענדיג אין דער פינסטערניש און לעגט אַרויף מעהר האָלץ אויפ'ן פייער. ווען זיי האָבען געשפּאַציערט ביים ברעג פון אַ ים, וואו דער האָריגער מאַן פלעגט קלייבען טשערעפּאַכעס און זיי אויפעסען אויפ'ן שטעל, האָבען זיינע אויגען זיך אַריינגעשטאָכען אין יעדע זאַך, טאָמער איז דאָרט פערבאָרגען אַ סכנה, און זיינע פיס זיינען געווען גרייט צו לויפען ווי דער ווינד, טאָמער האָט זיך די סכנה בעוויזען. דורכ'ן וואַלד זיינען זיי געקראָכען שטיל, אָהן אַ שאָרך, באַק טריט ביי טריט הינטער דעם מאַן. און זיי זיינען ביידע געווען אויפגערעגט און וואַכזאַם, די אויערען האָבען זיך ביי זיי געדרעהט און געריהרט, די נאָז־לעכער געציטערט, וואָרום דער מאַן האָט געהערט און געשמעקט פּונקט אַזוי גוט, ווי באַק. דער האָריגער מאַן האָט געקענט אַרויפשפּרינגען אויף אַ בוים און זיך בעוועגען פון אויבען פּונקט אַזוי גוט ווי אויף דער ערד; ער האָט זיך געקענט וואַרפען פון איין צווייג אויף דער אַנדערער, פון איין בוים אויפ'ן אַנדערען, אַמאָל אויף אַ שטרעקע פון אַ צוועלף פוס; ער האָט אַבגעלאָזט מיט איין האַנד, אַנגעכאַפּט מיט אַ צווייטער, קיינמאָל ניט אָראַבגעפאַלען, קיינמאָל ניט פערפעהלט אַנצוכאַפּען אין דער רעכטער צייט. ער האָט זיך געפיהלט צווישען די בוימער פּונקט אַזוי גוט ווי אויף דער ערד; און באַק האָט געדענקט, אַז ער האָט ניט איין נאַכט פערבראַכט וואַכענדיג אונטער אַ בוים, אויף וועלכען דער מאַן איז געזעסען אויף דער שאַדאַלע און געשלאָפען ניט אַרויסלאָזענדיג די צווייגען פון האַנד.

באַק האָט געזעהן דעם האַריגען מאַן און געהערט די שטימע, וואָס האָט געקלונגען אין טיעפעניש פונ'ם וואַלד, און ס'איז געווען אַ קרובה־שאַפט צווישען ביידע. די שטימע האָט איהם

אַנגעפיהלט מיט אַ גרויסער אומרוהיגקייט און מאָדנע פער־לאַנגען. ער האָט געפיהלט עפּעס אַן אונבעשטימטע זיסע פרייד, און עפּעס אַ ווילדע בענקשאַפט און אַ שטרעבונג האָט זיך גע־וועקט אין איהם, ער האָט ניט געוואוסט צו וואָס. אָפטמאָל פלעגט ער נאָכגעהן נאָך דער שטימע אין וואַלד אריין, נאָכגעקוקט נאָך איהר ווי זי וואָלט געווען אַ ממשות'דיגע זאַך, און געבילט ווייך אָדער ברוגז, ווי די שטימונג איז געווען. ער פלעגט אַריינ־שטעקען זיין נאָז אין דעם קיהלען מאָך פונ'ם וואַלד אָדער אין דער שוואַרצער ערד, וואו די לאַנגע גראָזען זייגען געוואָקסען, און שמאָרען מיט פערגעניגען, פיהלענדיג ווי עס שמעקט די פעטע ערד; אַניט פלעגט ער גאַנצע שעה'ען ליגען הינטער אומגעפאַ־לענע, מיט שוועמלעך בעדעקטע שטאַמען פון בוימער, זיינע אויגען און אויערען ווייט אָפען צו אַלצדינג וואָס ס'בעוועגט זיך און קלינגט אַרום איהם. מעגליך, אַז אַזוי ליגענדיג האָט ער געהאָפט צו כאַפּען די שטימע, וועלכע ער האָט ניט געקענט פערשטעהן. אָבער ער אַליין האָט ניט געוואוסט, פאַרוואָס ער האָט געטהאָן די אַלע זאַכען. ער איז געווען געצוואונגען צו טהאָן אַזוי און ער האָט וועגען דעם ניט געטראַכט.

אָפטמאָל פלעגט זיך איהם פערוועלען טהאָן אונגעוועהנליכע זאַכען, און ער האָט ניט געקענט ביישטעהן. ער פלעגט ליעגען אין לאַגער, האַלב דרימלענדיג אין דער היץ פונ'ם טאָג, און פלוצלינג זאָל ער אויפהויבען זיין קאָפּ, אויפשטעלען די אויערען און הערען אָנגעשטרענגט, דאַן זאָל ער אויפשפּרינגען און זיך לאָזען לויפען, ווייטער און ווייטער, און גאַנצע שעה'ען פלעגט ער יאָגען צווישען די בוימער אין וואַלד און אָפענע פלעצער, וואו די גראָזען האָבען געוואַקסען אין בינטלעך. ער האָט ליעב גע־האַט צו לויפען אַראָב באַרג איבער אויסגעטריקענטע שטראָם־בע־טען, אָדער צו קריכען און נאָכצוקוקען נאָכ'ן לעבען פון די פויגלען אין וואַלד. אַ גאַנצע טאָג פלעגט ער קענען אָבליגען אין די קוס־טעס און קוקען ווי די ווילדע היהנער געהען אַרום און רופען איינע צו דער אַנדערער און מאַכען חן. אָבער מעהר פון אַלצדינג

האט ער ליעב געהאט ארומצולויפען אין די נעבעלדיגע בין־השמשות'ען פון די זומער־נעכט, הערען דאס איינגעהאלטענע שלעפעדיגע מורמלען פון דעם וואלד, לייענען צייכענס און שטימען ווי א מענש לייענט א בוך, און זוכען דאס געהיימניספלע עטוואס, וואס האט גערופען — גערופען, בייטאג און ביינאכט, אין שלאף און אויף דער וואך.

איינמאל איז באק ראפטאם אויפגעשפרונגען פון זיין שלאף. ס'איז געווען ביינאכט. זיינע אויגען האבען געקוקט מיט ערווארטונג, זיינע נאז־פליגעל האבען געציטערט און געשמעקט די לופט, זיין גריווע איז געווען אויפגעשטעלט און האט זיך בעוועגט אין כוואליעס. פון'ם וואלד איז געקומען די שטימע אדער נאר איין קלאנג פון איהר, ווארום די שטימע איז בעשטאנען פון פערשיעדענע קלאנגען — א קלאהרע און א דייטליכע ווי קיינמאל ביז אהער, — א לאנג־אויסגעצויגענעם וואיען, עהנליך און דאך ניט עהנליך צום וואיען פון א ווילדען הונט. און ער האט געוואוסט, אין זיין אלטען געוועהנליכען שטייגער, אז דעם קלאנג האט ער שוין אמאל געהערט. ער איז דורכגעשפרונגען דעם שלאפענדיגען לאגער און אין שנעלער שטילקייט האט ער זיך א לאז געטהאן דורכ'ן וואלד. וואס נעהנטער ער איז צוגעקומען צום קלאנג, איז ער געלאפען לאנגזאמער, פארזיכטיג אין יעדער בעוועגונג, ביז ער איז געקומען צו אן אפענעם פלאץ צווישען די בוימער. ער האט ארויסגעקוקט און דערזעהן: אויף די הינטערשטע פיס איז געזעסען א לאנגער, מאגערער וואלף מיט א נאז אויפגעהויבען צום הימעל.

ער האט זיך געהאלטען זעהר שטיל, דאך האט דער וואלף אויפגעהערט וואיען און גענומען שמעקען, פיהלענדיג אז עמיצער איז דא. באק האט ארויסגעשפאנט אין'ם אפענעם פלאץ; אליין איז ער געווען האלב צוגעבויגען צו דער ערד, זיין קערפער פעסט צוזאמענגעבויגען אין איין מאסע, זיין עק גלייך און שטייף, זיינע פיס טרעטענדיג מיט אונגעוועהנליכער פארזיכט. יעדע בעוועגונג האט ארויסעוויזען אי דראהונג, אי פריינדליכקייט; דאס איז

געוועז אַ מין דראָהענדער וואָפען־שטילשטאַנד, ווי עס איז דער שטייגער פון ווילדע רויב־חיות ווען זיי בעגעגענען איינער דעם צווייטען. דער וואָלף האָט זיך אָבער געלאָזט לויפען, ווי נאָר ער האָט איהם דערזעהן. באַק איז איהם נאָכגעלאָפען, שפּרינגענדיג שנעל, פול מיט אַ וואַהנזיניגען בעגעהר צו דעריאָגען. ער האָט איהם אַריינגעיאָגט אין אַ בלינדען קאַנאַל — דאָס בעט פון אַן אויסגעטריקענטען טייכעל, וואו אַ קופּע האָלץ האָט פערשפּאַרט דעם וועג. דער וואָלף האָט זיך שנעל אויסגעדרעהט אויף די הינטערשטע פיס, ווי עס איז געוועזן דער שטייגער פון דזשאָו און פון אַלע אַנדערע ווילדע הינד ווען מען בעפאַלט זיי פון הינטען און זיי האָבען ניט קיין אויסוועג; ער האָט געוואַרטשעט, אויפגעשטעלט די האָר און געקנאַקט נאָכאַנאַנד מיט די צייהן.

באַק איז איהם ניט בעפאַלען; ער האָט זיך נאָר געדרעהט אַרום איהם, ניט געלאָזט אַנטלויפען, און אַרויסגעוויזען פריינדשאַפט. דער וואָלף האָט מורא געהאַט, ער איז געוועזן פערדעכטיג; באַק האָט געוואויגען דריי מאָל אַזוי פיעל, ווי ער, און זיין קאָפּ האָט קוים דערגרייכט צו באַק'ס אַקסעל. ער האָט אויסגענוצט די ערשטע געלעגענהייט און איז אַנטלאָפען, און דאָס יאָגעניש האָט זיך אָנגעהויבען אויפ'ס ניי. עטליכע מאָל האָט איהם באַק פערשפּאַרט, און די געשיכטע האָט זיך איבערגע'חזר'ט. דער וואָלף איז געוועזן זעהר אויסגעמאַטערט, אַניט וואָלט איהם באַק ניט אַזוי גרינג דעריאָגט. אַלעמאָל איז דער וואָלף געלאָפען אַזוי לאַנג, ביז באַק'ס קאָפּ האָט ניט דערגרייכט העם הינטערשטען טייל פון זיין קערפּער, דאַן פלעגט ער זיך אויסדרעהען און אויסנוצען די ערשטע מעגליכקייט ווידער צו אַנטלויפען.

ענדליך האָט באַק'ס איינגעשפּאַרטקייט דאָך דערגרייכט איהר ציעל. דער וואָלף האָט איינגעזעהן, אַז מען וויל איהם ניט קיין בייז, האָט ער זיך צונויפגעשמעקט מיט באַק'ן אַ נאָז צו אַ נאָז. נאָכדעם זיינען זיי געוואָרען פריינד, און זיי האָבען זיך געשפּיעלט — אויף אַ נערוועזען, האַלב־שטיפערישען אופן, ווי עס איז דער שטייגער פון בלוטדורשטיגע חיות ווען זיי ווילען פערר־

בארגען זייער רציחה. אביסעל שפעטער האט דער וואלף זיך געלאזט לויפען, לייכט און רוהיג, ווי איינער וואס דארף ערגעץ געהן. ער האט געגעבען באק'ן צו פערשטעהן, אז יענער זאל מיט איהם מיטגעהן. און זיי זיינען געלאפען א זייט ביי א זייט דורך דער מרה־שחורה'דיגער טונקעלהייט פון'ם וואלד, איבער דעם בעט פון'ם טייך ארויף בארג, צו דעם בערג־שפאלט, פון וואנען דער טייך שטאמט, און ווייטער, איבער דעם וויסטען בערג־רוקען, פון וואנען דאס וואסער פליסט אראב.

אויף דער אנדער זייט בארג זיינען זיי אנגעקומען אין א פלאך



לאנד, וואו עס זיינען געווען גרויסע שטרעקעס וואלד און פיעלע טייכען. און דורך אט די גרויסע שטרעקעס זיינען זיי געלאפען זייט ביי זייט, א שעה נאך א שעה. די זון האט זיך שוין געהויבען העכער און דער טאג איז געווארען ווארימער. באק איז געווען פול מיט ווילדער פרייד. ער האט געוואוסט, אז איצט פאלגט ער דער שטימע, איצט, לויפענדיג לעבען זיין וואלד־ברודער אין אן ארט פון וואנען די שטימע קומט געווים. אלטע עראינע־רונגען זיינען ווידער געווארען וואך אין איהם, און די עראינערונ־גען האבען איהם אויפגערודערט, ווי אמאל די ווירקליכקייט, פון

וועלכער זיי זיינען נאָר געווען שאָטענס. ער האָט געוואוסט: ער האָט שוין אַמאָל געטהאָן די אַלע זאַכען, ערגעץ דאָרט אין דער אַלטער וועלט, וועלכע ער דערמאָנט זיך ווי דורך אַ שלאָף; איצט טהוט ער זיי ווידער, לויפענדיג פריי אין דער פרייער לופט, — די אונבעטרעטענע ערד אונטער די פיס, דער ברייטער הימעל איבער'ן קאָפּ.

זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט טרינקען ביי אַ ריטשקעלע, און דאָ האָט זיך באָק דערמאָנט אָן דזשאהן טהאָרנטאָן. ער האָט זיך אוועקגעזעצט. דער וואָלף האָט זיך ווידער געלאָזט לויפען— צו דעם אָרט, פון וואַנען די שטימע קומט געווים. דאָן האָט ער זיך אומגעקעהרט צו באָק'ן, בעשמעקט איהם און געמאַכט צייכענס, ווי ער וואָלט איהם געוואָלט אונטערגעבען חשק. אָבער באָק האָט זיך אויסגעקירעוועט און זיך געלאָזט אַהיים. אפשר אַ גאַנצע שעה איז דער ווילדער ברודער געלאָפען לעבען איהם און שטיל געקאַוויוטשעט. דאָן האָט ער זיך אוועקגעזעצט, אויפ־געהויבען די נאָז צום הימעל און גענומען וואָיען. דאָס איז געווען אַ טרויעריגער וואָיען, און לויפענדיג נאָכאַנאַנד האָט באָק גע־הערט, ווי די שטימע איז געוואָרען שוואַכער און שוואַכער, ביז זי איז פערלוירען געוואָרען אין דער ווייטקייט.

דזשאהן טהאָרנטאָן האָט געגעסען מיטאָג, ווען באָק איז אריין אין לאַגער און אריינגעשפרונגען אויף איהם מיט אַ שטורם פון ליידענשאַפט, איהם איבערגעקעהרט, געדראַפּעט איהם מיט די לאַפּעס, געלעקט זיין פּנים, געביסען זיין האַנד — „געמאַכט אַלער־ליי נארישע שטיק", ווי טהאָרנטאָן האָט זיך אויסגעדריקט. דער מאַן האָט גענומען באָק'ן אין זיינע הענד, איהם געשאָקעלט אַהין און אַהער, און געשאָלטען מיט ליעבשאַפט.

צוויי טעג און צוויי נעכט האָט באָק ניט פערלאָזען דעם לאַגער און ניט אַרויסגעלאָזט טהאָרנטאָנ'ען פון אויג. ער איז איהם נאָכגעגאַנגען ביי די אַרבייט, געקוקט אויף איהם ווען ער האָט געגעסען, געוואַכט איהם ווען ער איז אריינגעקראָכען אין זיינע קאָלדרעס ביינאַכט און אַרויסגעקראָכען פון זיי אין דער פריה.

אבער נאך די צוויי טעג האט די שטימע אין וואלד אנגעהויבען קלינגען מיט א שטארקערען בעפעהל, ווי פריהער. באק איז וויע־דער געווארען אומרוהיג: עס האט איהם פערפאלגט די עראינערונג פון זיין ווילדען ברודער, דער ריח פון דער ערד הינטער'ן בארג און דאס לויפען זייט ביי זייט דורך די ברייטע וואלד־שטרעקען. ער האט זיך ווידער אמאל געלאזט וואנדערען אין וואלד, אבער דער ווילדער ברודער האט זיך מעהר ניט בעוויזען; און אבוואהל ער איז לאנג געשטאנען און זיך איינגעהערט, האט דאס טרויעריגע וואיען איהם מעהר ניט דערגרייכט.

ער האט אנגעהויבען שלאפען אויסער'ן לאגער, ניט קומען צו טהארנטאנ'ען גאנצע טעג. איינמאל האט ער זיך געלאזט אויף יענער זייט בארג דורכ'ן ארט, וואו דער טייך הויבט זיך אן, און איז געקומען צום לאנד פון וואלד און טייכען. דארט האט ער ארומגעוואנדערט א גאנצע וואך, געזוכט און ניט געקענט געפינען די שפור פון זיין ווילדען ברודער. אויף זיינע וואנדע־רונגען האט ער געקוילעט דאס נויטיגע פלייש, און געלאפען איז ער מיט לייכטע לאנגע שפרינג, וואס האבען, דאכט זיך, קיינמאל ניט געקענט ווערען מיער. ער האט געכאפט לאקס־פיש אין דעם ברייטען טייך, וואס האט זיך ערגעץ וואו אריינגעגאסען אין ים, און לעבען דעם טייך האט ער געטויט א גרויסען שווארצען בער, וועלכער האט אויך געכאפט פיש, נאר די מאסקיטאס זיינען איהם בעפאלען און בלינד געמאכט, און ער איז געלאפען דורכ'ן וואלד, א הילפלאזער און א שרעקליכער. אפילו אין אזא צושטאנד איז ער געווען א געפעהרליכער געגנער, און דער קאמפף מיט איהם האט אויפגעוועקט די לעצטע פארבארגענסטע רעשטען פון באק'ס רציחה. צוויי טעג שפעטער, ווען ער האט זיך אומ־געקעהרט צוריק צו זיין רויב און געפונען א טוץ ווילדע הינט זיך רייסענדיג איבער דעם פלייש, האט ער זיך פאנאנדערגעיאגט ווי פאלאווע; די אנטלאפענע האבען געלאזט אויפ'ן ארט צוויי, וואס וועלען זיך שוין קיינאל ניט רייסען.

די תאוה נאך בלוט איז אין איהם געווארען שטארקער ווי

שטענדיג. ער איז געוואָרען אַ קוילער, אַ זאַך וואָס טויט; ער האָט געלעבט פון זאַכען וואָס לעבען; ער האָט עקזיסטירט אַליין פאַר זיך, ניט געהאַט קיינעמס הילף, נאָר זיין קראַפט און מוטה; ער האָט אויסגעהאַלטען און געזיעגט אין אַ פיינדליכער סביבה, וואו נאָר דער שטאַרקער קען אויסהאַלטען. צוליעב דעם אַלעם איז ער געוואָרען זעהר שטאָלץ ביי זיך, און דאָס האָט אויך אָנגעשטעקט זיין קערפּער. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזען אין אַלע זיינע בעוועגונגען, געוועזען קענטיג אין דער שפּיעל פון יעדען מוסקעל, גערעדט קלאָהרע ווערטער אין זיין גאַנצער האַלטונג און האָט געמאַכט זיין פּראַכטפולען פּעלץ נאָך פּראַכטפולער. ווען ניט דער ברוינער פּאַס אויף זיין מאָרדע און דער ווייסער פלעק אין מיטען זיין ברוסט, וואָלט מען איהם געקענט רעכענען פאַר אַ ריעזיגען וואָלף, גרעסער איידער דער גרעסטער פון זיין מין. פון זיין פאָטער, דעם סאַנט־בערנאַר, האָט ער גע'ירשנ'ט זיין מאָס און זיין געוויכט, אָבער זיין מוטער, דער שעפער הונד, האָט געגעבען אַ פאָרם צו אָט דעם מאָס און געוויכט. זיין מאָרדע איז געווען די לאַנגע וואָלפישע מאָרדע, זי איז נאָר געווען גרעסער איידער די מאָרדע פון דעם גרעסטען וואָלף; און זיין קאָפּ, אַביסעל ברייטליך, איז געווען אַ וואָלפישער קאָפּ, נאָר פון אַ גרעסערער מאָס.

זיין ביטרעקייט איז געווען אַ וואָלפישע ביטרעקייט, ווילדע ביטרעקייט: זיין קלוגשאַפט איז געווען די קלוגשאַפט פון אַ שעפער־הונד און אַ סאַנט־בערנאַר; דאָס אַלעס, צוזאַמען מיט דער ערפאַהרונג, וואָס ער האָט בעקומען אין דער אומדערבאַרעמדיגסטער שול פון לעבען, האָט איהם געמאַכט פאַר איינע פון די שרעקליכסטע בעשעפענישען, וואָס לויפען אַרום אין ווילדען וואַלד. אַ פלייש־עסער, אַ חיה וואָס לעבט נאָר פון חיות, איז ער איצט געווען אין פולער בליהונג אויף דער העכסטער שטופע פון לעבען; קראַפט און ענערגיע האָבען זיך אין איהם איבערגעגאָסען איבער'ן ראַנד. ווען טהאָרנטאָן פלעגט איהם אַ גלעט געבען איבער'ן רוקען, פלעגט זיך הערען אַ קנאַקען און שאַרשקען; יעדע האָר פלעגט אַרויסגעבען דעם מאַגנעטיזם, וואָס האָט זיך

אנגעזאמעלט אין איהר. יעדער טייל, מארך און קערפער, נערוועך געוועב און אדער, איז געווען אנגעשטרענגט, אנגעצויגען ווי א סטרונע; און צווישען אלע טיילען איז געווען א פאלשטענדיגע הארמאניע און גלייכגעוויכט. ווען ער האט געהערט אדער געזעהן עטוואס אזוינס, וואס האט פערלאנגט האנדלונג, האט ער רע־אגירט שנעל ווי א בליץ ווי שנעל א ווילדער הונד זאל ניט שפרינגען צו פערטיידיגען זיך אדער צו בעפאלען, האט ער גע־קענט שפרינגען צוויי מאל אזוי שנעל. ער האט געזעהען די בע־וועגונג און געהערט דעם קלאנג און רעאגירט אין וועניגער צייט, ווי א געוועהנליכער הונד האט געדארפט האבען נאר צו בעגרייפען וואס ער זעהט און הערט. ער האט געמערקט און בעשלאסען און רעאגירט אין דעם זעלבען מאמענט. אייגענטליך האט ער פריהער בעמערקט, נאכדעם בעשלאסען, נאכדעם רעאגירט; אבער די פויזען צווישען איינעם און דער צווייטען זיינען געווען אזוי אונ־ענדליך קליין, אז אלעס האט אויסגעזעהען גלייכצייטיג. זיינע מוסקלען זיינען געווען איבערגעלאדען מיט לעבענס־קראפט און האָ־בען זיך אנגעצויגען ביי יעדען ריהר, ווי א שטאהלענע ספרונשינע דאס לעבען האט געפלאסען דורך איהם אין א פראכטפולען שטראם, פרעהליך, רוישיג, און ס'האט אויסגעדאכט: דאס לעבען וועט איהם אויפרייסען און צעווארפען אויף שטיקער פאר גרויס התּ־פעלות און זיך אויסגיסען פריי און ברייט איבער דער וועלט.

— ניט געווען אזא הונט אויף דער וועלט, — האט דזשאהן טהארנטאן איינמאל געזאגט, קוקענדיג ווי באק האט ארויסגע־מארשירט פון'ם לאגער.

— ווען מען האט איהם געמאכט האט מען צובראכען דעם פורעם — האט פיטער געענטפערט.

— בלעבען, איהר זענט גערעכט, — האט זיך האנס — אב־גערופען.

זיי האבען געזעהען, ווי ער האט ארויסגעמארשירט פון'ם לאַ־גער, זיי האבען אבער ניט געזעהן די שנעלע שרעקליכע פער־ענדערונג, וואס איז אין איהם פארגעקומען, ווי נאר ער איז אריין

אין דער געהיימנים פון'ם וואלד. ער האט שוין מעהר ניט גע־מארשירט. ער איז פלוצלינג געווארען א ווילדע בעסטיע, — זיך גע'גנב'עט שטיל און ווייך, ווי א קאץ, ער איז געווען א שאטען, וואס האט זיך באוויזען און פארשוואונדען צווישען די שאטענס. ער האט פערשטאנען אויסצונוצען יעדע געלעגענהייט צו בעהאל־טען זיך, געקענט קריכען אויפ'ן בויך ווי א שלאנג, און ווי א שלאנג געקענט אונטערשפרינגען און כאפען און טויטען. ער האט געקענט ארויסנעהמען א פויגעל פון נעסט, טויטען א האז ווען יענער איז געשלאפען, און כאפען אין דער לופטען די קליינע וועווערקעס, וואס האבען זיך איין סעקונדע פערזאמט, אנטלויפענ־דיג צו די בוימער. פיש, אין אפענע וואסערען, זיינען פאר איהם ניט געווען צו שנעל; ביבערס, פעררי כטענדיג זייער דאמבעס, זיינען פאר איהם ניט געווען צו פארזיכטיג. ער האט געטויט כדי צו עסען, ניט גלאט אזוי צוליעב פערגעניגען; ער האט ליעב גע־האט צו עסען דאס, וואס ער האט אליין געטויט. עס איז געווען א בעהאלטענער הומאר אין זיינע מעשים, און ער האט בעזונדערס ליעב געהאט אונטערצו'גנב'ענען זיך צו די וועווערקעס, זיי האל־טען ביים כאפען, און נאכדעם זיי לאזען אנטלויפען אויפ'ן שפיץ בוים אין טויט־שרעק.

ווען הערבסט איז געקומען, האבען זיך הערשען באוויזען אין א גרויסער צאהל; זיי האבען זיך לאנגזאם גערוקט קיין דרום־זייט, צו פערברענגען דעם ווינטער אין די נידריגערע און וועניגער קאלטע געגענדען. באק האט שוין איינמאל בייגעקומען א פער־בלאנדזשעטע האלב־דערוואקסענע קאלב, ער האט אבער געוואלט טויטען א גרעסערען און שטארקערען הערש, און וואס ער האט געזוכט האט ער איינמאל געפונען אויפ'ן בארג־דוקען, וואו דאס טייכעל הויבט זיך אן. א סטאדע פון צוואנציג הערשען איז דארט דורכגעגאנגען פון דעם פלאכען וואלד און טייכען־לאנד, און דער פיהרער זייערער איז געווען א גרויסער מעכטיגער אקס. ער איז געווען אין א ווילדער רציחה, און מיט זיין הויכען וואוקס, זעקס פוס פון דער ערד, איז ער געווען אזא געוואלטיגער געגנער, ווי

באק האט זיך נאר געקענט ווינשן. דער אקס האט געשאקעלט הין און הער זיינע הערנער, וואס האבן זיך געצווייגט און גע־ענדיגט מיט פערצעהן שפּיצען און פערנומען זיבען פוס אין דער ברייט. זיינע קליינע אויגען האבן געברענט מיט א בייזען און א ביטערען פייער, און ווען ער האט דערזעהן באק'ן, האט ער אויפגעברומט אין וואוטה.

פון דער זייט האט ביים אקס ארויסגעשטעקט א פייל מיט א פעדער אויפ'ן ענד; די פייל האט דאס איהם געמאכט אזוי ווילד און בייז. געפיהרט פון דעם אינסטינקט, וואס האט גע־שטאמט פון די פארצייטיגע געיעגען אין דער אוראלטער וועלט, האט באק גענומען אבשניידען דעם אקס פון דער איבעריגער סטאדע. דאס איז ניט געווען קיין גרינגע ארבייט. ער האט גע־בולען און געטאנצט פאר'ן אקס, אבער אזוי אז יענער זאל איהם ניט קענען דערלאנגען מיט די גרויסע הערנער אדער מיט די גע־וואלדיגע ברייטע קאפיטעס, וואס האבן געקענט מיט איין קלאפ ארויסטרעטען פון איהם דאס לעבען. דער אקס האט ניט געקענט אויסדרעהען זיין רוקען צו דער שארף־צעהניגער געפאהר און זיך געהן זיין וועג, פלעגט ער ווערען מורא'דיג ווילד. ער פלעגט זיך לאזען אויף באק'ן. יענער פלעגט זיך פערשטעלען, אז ער קען, כלומרשט, ניט אבטרעטען, און אזוי פערנארען דעם אקס צו יאגען זיך נאך איהם. ווען דער אקס פלעגט זיך אבער אב־טיילען פון דער טשערעדע, פלעגען צוויי אדער דריי אינגערע הערשען אנפאלען אויף באק'ן און געבען דעם פערוואונדעטען א מעגליכקייט צוצושטעהן צו זיינע חברים.

ס'איז דא א מערקווירדיגע געדולד אין דער ווילדער וועלט — איינגעשפּארט, אונערמידליך, אונאויפערליך, ווי דאס לעבען אליין — די געדולד וואס האלט די שפּין שעה'ען־לאנג אונבעוועגליך אין איהר נעץ, די שלאנג אין איהרע רינגען, די פאנטהערע אין איהר לויערונג; די דאזיגע געדולד זעהען מיר בעזונדערס דארט, וואו לעבען געהט ארויס אויף געיעג נאך לעבעדיגער שפּייז. די געדולד האט פערמאגט באק, ווען ער האט נאכגעפאלגט נאך דער טשע־

רערע, געשטעדרט איהר גאַנג, אויפגערעגט די יונגע אָקסען, בעאונ־רוהיגט די קיה מיט זייערע קעלבלעך און געמאַכט דעם פערוואונ־דעטען אָקס משוגע פאַר מאַכטלאָזע וואוטה. דאָס האָט געדויערט אַ האַלבען טאָג. באַק איז דוכט זיך, געווען עטליכע חיות מיט אַמאָל, ער איז אָנגעפאַלען פון אַלע זייטען, אַרומגערינגעלט די טשערעדע מיט אַ ווירבעל־ווינד פון געפאַהר, אַבגעשניטען זיין קרבן יעדעס מאָל ווען יענער פלעגט זיך פעראייניגען מיט די איבעריגע, אויסברענגען די געיאָגטע חיות פון זייער געדולד, וועלכע איז פיעל קלענער איידער די געדולד פון די יאָגער.

וואָס לענגער דער טאָג האָט געדויערט און די זון האָט זיך אַרונטערגעלאָזט נעהנטער צו איהר בעט אין צפון־מערב (די פינ־סטערניש האָט זיך שוין אומגעקעהרט, און די הערבסט־נעכט האָבען געדויערט זעקס שטונדען), האָבען די יונגע אָקסען אַלץ וועניגער חשק געהאַט זיך אומצוקעהרען און העלפען זייער בע־פאַלענעם פיהרער. דער נאָהענטער ווינטער האָט זיי געטריבען צו די נידעריגערע שטרעקען, און דאָ האָט די אונערמידליכע בע־שעפעניש זיך אָנגעטשעפעט אָן זיי און האָט זיי אַבגעהאַלטען אין זייער וועג. ס'האָט אויסגעזעהן, אַז זיי וועלען קיינמאָל ניט פּטור ווערען פון איהר. אַ חוץ דעם האָט דאָך דער טשערעדע גופא אָדער די יונגע אָקסען קיין געפאַהר ניט געדראָהט. מ'האָט פערלאַנגט דאָס לעבען פון איין איינציגען מיטגליעד, דאָס איז געווען ניט אַזא נאָהענטער אינטערעס ווי זייער אייגען לעבען — זיינען זיי גרייט געווען צו צאָהלען דעם מס.

ווען ס'האָט אָנגעהויבען פינסטער ווערען, איז דער אַלטער אָקס געשטאַנען און געקוקט ווי זיי געהען אַלע אַוועק — די קיה, וואָס ער האָט געקענט, די קעלבער, וועמען ער האָט לעבען גע־געבען, די אָקסען, וואָס ער האָט בעהערשט — אַלע האָבען זיי שנעל געאיילט דורך דעם נעבעלדיגען ליכט. ער האָט ניט געקענט נאָכגעהן, ווייל פון זיין נאָז איז געשפּרונגען דער אונדערבאַרעמ־דיגער שאַרף־צעהניגער שרעק, וואָס האָט איהם ניט געלאָזט געהן. ער האָט געוואויגען אַ סך מעהר ווי אַ האַלבע טאָן, ער האָט גע־



„זיך אַנידערגעלעגט ווען דער הירש איז געבליבען שטעהן“.

לעבט א לאנג שטארק לעבן, פול מיט קאמפף און שטרייט, און צום שלום האט ער געקוקט אין פנים אריין דעם טויט — צוליעב די צייהן פון א בעשעפעניש, וואס איהר קאפ האט ניט דערגרייכט זיינע גרויסע גראבע קניע.

פון דעמאלט אן, ביינאכט און בייטאג, האט באק ניט אב־געלאזט זיין קרבן, ניט געגעבען איהם קיין רוהיגע מינוט, ניט געלאזט איהם קייען די בלעטער פון די בוימער אדער די יונגע שטעקעלעך פון בעריאזעס אדער ווערבעס. אויך האט ער ניט געלאזט דעם פארוואונדעטען שטילען זיין ברענענדיגע דורשט אין די לאנגזאם פליסענדע טייכלעך, וואס זיי האבען בעגעגענט אויף זייער וועג. אפטמאל פלעגט יענער, אין פערצווייפלונג, זיך לאזען לויפען וואו די אויגען טראגען. באק פלעגט איהם ניט פרובען אבשטעלען, נאר לייכט שפרינגען הינטער איהם, צופריי־דען מיט דעם שפיעל, גרייט זיך אנידערצולייגען ווען דער אקס וועט בלייבען שטעהן, און אנצופאלען איהם מיט ווילדער רציחה, ווען ער וועט פרובען עסען אדער טרינקען.

דער גרויסער קאפ האט זיך אראפגעלאזען ניעדריגער און ני־דריגער אונטער דעם הערנער־בוים, און די טריט זיינע געווארען אלעמאל שוואכער. ער פלעגט אבשטעהן גאנצע שעה'ן מיט דער נאז צו דער ערד און די צושפרייטע אויערען אראבגעהאנגען אראב; און באק האט געהאט מעהר צייט צו טרינקען און רוהען. ער פלעגט דאן ליגען און סאפען, די אויגען אנגעשטעלט אויפ'ן גרויסען אקס, די רויטע צונג ארויסגעהאנגען פון'ם מויל, און עס פלעגט זיך איהם אויסדוכטען, אז אן ענדערונג איז געקומען אויפ'ן פנים פון דער ערד. ער האט געפיהלט א נייעם ציטער אין לאנד. ווי די הערשען זיינען זיי געקומען אהער, אזוי זיינען אנדערע ארטען לעבען געקומען אין לאנד. וואלד און טייך און לופט האבען פיינערען געפיהל. ער האט קיין זאך ניט געהערט, קיין זאך ניט צו איהם ניט דורך זעהען, הערען, שמעקען, נאר דורך אן אנדער דאכט זיך פולסירט דעם נייעם לעבען. די נייעס איז געקומען געזעהען, דאך האט ער געוואוסט, אז דאס לאנד איז אנדערש, אז

מאָרגנס זאַכן האָבן זיך בעוועגט און פאַרבייגעגאַנגען. און ער האָט בעשלאָסען צו אונטערזוכען, ווייבאַלד ער וועט פאַרטיג ווערען מיט זיין איצטיגער אַרבייט.

ענדליך, נאָך פיער טעג, האָט ער אָוועקגעלייגט דעם גרויסען הערש. אַ טאָג מיט אַ נאַכט איז ער געבליבען ביים געקווילעטען, געגעסען און געשלאָפען, געגעסען און געשלאָפען. נאָכדעם האָט ער, אַן אויסגערוהטער, אַ דערפרישטער און אַ שטאַרקער, זיך אָוועקגעלאָזט צוריק צו דעם לאַגער פון דזשאָהן טהאָרנטאָן. ער האָט זיך געלאָזט מיט זיין לייכטען שפרונג, און איז געלאָפען אַ שעה נאָך אַ שעה, ניט פערלירענדיג זיין ריכטונג צווישען די געדרעהטע וועגען, געהענדיג גלייך אַהיים דורכ'ן פרעמדען לאַנד מיט אַזאַ געוויסענהייט, אַז דער מענש מיט זיין מאַגנעטישער נאָדעל האָבען זיך געמענט פאַר איהם שעמען.

לויפענדיג אַהיים האָט באַק אַלץ שטאַרקער געפיהלט די ענ־דערונג אינ'ם לאַנד. ס'איז געווען אַ נייע לעבען אַרום און אַרום, פערשיידען פונ'ם לעבען, וואָס האָט דאָ געהערשט אום זומער. איצט האָט ער שוין דאָס געוואוסט ניט נאָר אויף אַ געהיימניספולען אופן; איצט האָבען די פויגלען געשמועסט וועגען דעם, די וועווריקעס האָ־בען געפּלאַפּלט וועגען דעם, דער ווינד האָט געשעפּטשעט וועגען דעם. עטליכע מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און האָט שטאַרק אַריינ־געצויגען די פרישע מאָרגען לופט. ער האָט געלייענט אַ נאָכריכט, וואָס האָט איהם געמאַכט לויפען ווייטער נאָך מיט גרעסערער שנעל־קייט. ס'איז איהם געווען שווער אויפ'ן האַרצען. ער האָט גע־פיהלט, אַז עפּעס אַן אומגליק פּאַסירט; מעגליך, אַז דער אומ־גליק האָט שוין פּאַסירט. ווען ער האָט אַריבערגעטרעטען דעם רו־קען פונ'ם לעצטען באַרג און זיך אַראָבגעלאָזט אין טהאָל, וואו דער לאַגער איז געווען, האָט ער זיך בעוועגט מיט גרעסערער פאָר־זיכט.

דריי מייל ווייטער האָט ער אָנגעטראָפען אַ פרישע שפּור, פון וועלכער די האָאַר אויף זיין האַלז האָבען זיך אויפגעשטעלט און געגומען ציטערען. די שפּור האָט געפיהרט גלייך צום לאַגער פון

דזשאהן טהארנטאן. באק איז ווייטער געלאפען, שנעל און בעהוטזאם; יעדער נערוו זיינער איז געווען אנגעצויגען און אנגעשטרענגט; די אלע פערשיעדענע איינצעלהייטען האבען איהם דערמאנט א געשיכטע, וואס ער האט זי זעהר גוט פערשטאנען — א חוץ דעם סוף. זיין נאז האט איהם געגעבען א פערשיעדענארטיגע בעשרייבונג פונ׳ם לעבען וואס איז פארבייגעגאנגען אט דא אויף דעם וועג און וואס ער האט איצט נאכגעפאלגט. ער האט בעמערקט די לויערנדע שטילקייט פונ׳ם וואלד. דאס פויגעל־לעבען איז אוועקגעפלאטערט. די וועווערקעס האבען זיך בעהאלטען. נאר איינע האט ער געזעהן, — א גראהע דינע בעשעפעניש, צוגעפלעטשט פלאך צו א טויטען שטאם, אזוי אז זי האט אויסגעזעהן ווי א טהייל פון איתם, — א הילצערנע געשוויר אויפ׳ן האלץ גופא.

ווען באק האט זיך אזוי געגליטשט פארווערטס מיט דער שטילקייט פון א שאטען, האט זיין נאז זיך פלוצלונג אויסגעדרעהט אן א זייט, אקוראט ווי א ווירקליכע קראפט וואלט זי אנגעכאפט און געצויגען. ער האט נאכגעפאלגט דעם ריח און אין א געדיכטער גרופע בוימער האט ער געפונען ניג׳ען. דער הונט איז געלעגען אויף א זייט, טויט, אויף דעם פלאץ, וואוהין ער אליין האט זיך פערשלעפט; צוויי פיילען האבען ארויסגעשטעקט, מיט פעדערען אויף די עקען פון יעדער זייט פון דעם קערפער.

א הונדערט יארד ווייטער האט באק אנגעטראפען איינעם פון די שליטען־הינד, וואס טהארנטאן האט געקויפט אין דאסאן. דער הונד האט זיך געווארפען אין גסיסה אין מיטען וועג, און באק האט איהם אויסגעפעהלט און געגאנגען ווייטער אהן אן אבהאלט. פון דעם לאגער האט זיך דערטראגען דער קלאנג פון פערשיעדענע שטימען, וואס האבען זיך געהויבען און געפאלען אין א מין געזאנג. קריכענדיג לאנגזאם אויפ׳ן בויך צום ראנד פון דעם וואלד, האט ער געפונען האנס׳ען ליגענדיג מיט׳ן פנים אראב, אנגעשטעקט מיט פיילען ווי א פויגעל מיט פעדערען. אין דעם זעלביגען מאמענט האט באק געווארפען א בליק אהין, וואו דאס הילצערנע שטיבעל

איז געשטאַנען, און ער האָט דערזעהן דאָס, וואָס ס'האָט געמאכט זיינע האָר אויפשפּרינגען אויף זיין האַלז און אַקסלען ווי נאָדלען. אַ כוואַליע פון אונבעהערשבאַרער וואוטה האָט איהם פערפלייצט. ער האָט ניט געוואוסט, אַז ער האָט אַ ברום געטהאָן, אָבער ער האָט הויך געברומט מיט אַ שרעקליכער ווילדקייט. דאָס לעצטע מאָל אין זיין לעבען האָט ער געלאָזט ליידענשאַפט פערטונקלען זיין כיטרעקייט און פערשטאַנד, — זיין גרויסע ליעבע צו טהאָרנטאָן איז געווען די סבה, פאַרוואָס ער האָט אַנגעוואָרען זיין קאָפּ.

די איהעט־אינדיאַנער האָבען געטאַנצט אַרום די חורבות פון דעם הילצערנעם שטיבעל, ווען זיי האָבען דערהערט אַ פירכטליכען דונער־ברום און אַ ווילדע חיה איז אַנגעפאַלען אויף זיי — אַזאַ ווילדע און שרעקליכע, ווי זיי האָבען קיינמאָל אין זייער לעבען ניט געזעהן. דאָס איז געווען באַק, אַ לעבעדיגער שטורעם פון וואוטה, אין זיין אַנפאַל אויף די שונאים צו טויטען און צושטערען. ער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן ערשטען מאַן (דאָס איז געווען דער פיהרער פון די איהעטען), אויפגעטרענט זיין האַלז אַזוי ווייט, אַז דער אָדער האָט ארויסגעלאָזט פון זיך אַ פאָנטאַן פון בלוט. ער האָט זיך ניט אָבגעשטעלט צו פערענדיגען זיין קרבן, נאָר ער האָט זיך געווארפען ווייטער און מיט אַ צווייטען שפּרונג אויפגעריסען דעם האַלז פון אַ צווייטען מאַן. קיין שום קראַפט האָט איהם ניט געקענט אָבשטעלען. ער האָט זיך אריינגעוואָרפען אין דער מיט פון די אינדיאַנער, געריסען, געביסען, צושטערט, און דערביי האָט ער זיך בעוועגט אַזוי שנעל און אַזוי פורכטבאַר, אַז די פיילען וואָס מ'האָט אין איהם געשאָסען, האָבען איהם ניט געאָרט. ער איז געווען אַזוי אונגלויבליך שנעל אין זיינע בעוועגונגען און די אינדיאַנער זיינען געווען אַזוי ענג צוזאַמענגעקנוילט, אַז זיי האָבען געשאָסען איינער דעם אַנדערען מיט זייערע פיילען; איין יונגער יעגער האָט אַ וואָרף געטהאָן אַ שפּיז צו טרעפען באַק'ן, האָט ער געטראָפען אין דער ברוסט פון אַן אַנדער יעגער מיט אַזאַ קראַפט, אַז דער שפּיז האָט דורכגעריסען די הויט פון דעם רוקען און זיך ארויסגערוקט אויף יענער זייט. דאַן איז אַ שרעק בעפאַלען די איהעטען, און זיי

זיינען אנטלאפען אין פחד צו די וועלדער, שרייענדיג אז זיי אנטלויפען פון דעם בייזען גייסט.

און באק איז טאקע געווען אן אמת'ער שר, לויפענדיג הינטער זיי און בעפאלענדיג זיי און טויטענדיג ווי שאף צווישען די בוימער. דאס איז געווען א שווערער טאג פאר די איהעטען. זיי האבען זיך צושפרייט, ווייט און ברייט, איבער'ן לאנד, און ערשט שפעטער מיט א וואך האבען זיך די לעצטע איבערגעבליבענע פערזאמעלט אין דעם ניעדריגערען טהייל פונ'ם טהאל און איבערגעצעהלט די קרבנות. באק איז אין דער צייט שוין מיעד געווארען פון דער פערפאלגונג און ער האט זיך אומגעקעהרט צום פערלאזענעם לאגער. ער האט געפונען פיטע'ן דארט וואו ער איז געטויט געווארען — ליגענדיג אין די קאלדרעס, אין דער ערשטער בעוועגונג פון איבערראשונג. טהארנטאן'ס פערצווייפעלטער קאמפף איז געווען פריש אנגעשריבען אויף דער ערד, און באק האט געשמעקט יעדע איינצעלהייט און פערפאלגט די שפור ביז צום ראנד פונ'ם באסיין. ביים ראנד איז געלעגען סקיט מיט די פאדערשטע פיס אין וואסער — א געטרייער דיענער ביז צו דער לעצטער מינוט. דאס וואסער פונ'ם באסיין איז געווען בלאטיג און מוטנע, ווייל מ'האט עס געניצט אויף דורכצוואוואשען דאס גאלד. דער באסיין האט גוט בעהאלטען דאס, וואס ס'איז אינווענינ געלעגען — און געלעגען איז דארט דזשאהן טהארנטאן. ווארום באק האט פערפאלגט זיין שפור ביז צום וואסער, און פון דארט האט שוין קיין שפור ניט געפיהרט.

א גאנצען טאג איז באק געזעסען א טרויעריגער ביים באסיין אדער אומרוהיג ארומגעדרעהט זיך איבער'ן לאגער. ער האט געוואוסט, וואס טויט איז: פאר איהם האט דאס בעדייט, אז מען הערט זיך אויף בעוועגען, אז מען פערשווינדט פונ'ם לעבען פון די לעבעדיגע; און ער האט געוואוסט, אז דזשאהן טהארנטאן איז טויט. דאס האט געלאזט עפעס א לעדיגקייט אין איהם, אביסעל עהנליך צו הונגער, אבער א לעדיגקייט, וואס האט געשמארצט און געשמארצט און קיין שפייז האט זי ניט געקענט אנפילען. צייטענווייז, ווען ער פלעגט זיך אבשטעלען און בעטראכטען די טויטע קער־

פער פון די איהעטען, פלעגט ער פערגעסען דעם וועהטאָג; ער האָט דאָן געפיהלט אַ גרויסען שטאָלץ — גרעסער פון יעדען שטאָלץ וואָס ער האָט געהאַט ביז אַהער. ער, באַק, האָט מ ע נ ש ע ן גע־קוילעט, די עדעלסטע פון אַלע חיות, און געקוילעט ניט קוקענדיג אויף'ן געזעץ פון קלאַפּ און ביים. ער האָט נייגעריג בעשמעקט די קערפּער. זיי זיינען אַזוי גרינג געשטאָרבען. ס'איז שווערער גע־ווען צו טויטען אַ ווילדען הונט, איידער זיי. זיי האָבען גאָר ניט געהאַט קיין ממשות, ווען ניט זייערע פיילען און שפּיזען און שטע־קענס. פון היינט אָן און ווייטער וועט ער שוין פאַר זיי קיין מורא ניט האָבען, סיידען זיי טראָגען אין די הענד זייערע פיילען, שפּי־זען און שטעקענס.

די נאַכט איז געקומען, און אַ פולע לבנה האָט זיך אויפגעהויבען הויך אין הימעל און בעלויכטען דאָס לאַנד אַזוי העל, ביז ס'האָט זיך געבאָדען אין אַ פאַנטאַסטישען טאָג. ביינאַכט, זיצענדיג אַ טרויעריגער און אַ פערזאָרגטער ביים באַסיין, האָט באַק דערפיהלט. אַז עפּעס ציטערט אַ נייַ לעבען אין וואַלד — פערשיידען פון דעם, וואָס די איהעטען האָבען געבראַכט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געהאָרכט און געשמעקט. פון זעהר ווייט איז צוגעשוואומען אַ קוים מערקבאַרער קוויטש, נאָך איהם אַ כאָר פון גלייכע קוויטשען. מיט דער צייט זיינען די קוויטשען געוואָרען נעהנטער און העכער. אויך דאָס האָט באַק געוואוסט, איז ניט נייַ: ער האָט דאָס שוין געהערט אין דער פריהערדיגער וועלט, וועלכע האָט געלעבט אין זיין זכרון. ער איז צוגעגאַנגען צום מיטען אָפענעם פּלאַץ און זיך איינגעהערט. ס'איז געווען די שטימע, די בעקאַנטע שטימע פון פיעלע קלאַנגען, וואָס האָט גערופען און געצויגען און געצוואונגען שטאַרקער ווי שטענדיג. און ער איז געווען גרייט צו געהאָרכען, גרייטער ווי שטענדיג. דזשאָהן טהאָרנטאָן איז געווען טויט; דער לעצטער צובונד צוריסען. מענשען און די רעכט פון מענשען האָ־בען איהם מעהר ניט געבונדען.

די וועלף זיינען געקומען. זיי האָבען געלעבט פון געיעג נאָך לעבעדיגע פלייש, ווי די איהעטען, און האָבען נאָכגעפאָלגט די

עמיגרירענדע הערשען. איצט איז א באַנדע וועלף ענדליך אריבער־געקומען פון דעם לאַנד פון וואלד און טייכען אהער, אין באַק׳ס טהאַל. אין דעם פרייען פלאַץ צווישען די בוימער, וואו דאָס לבנה־ליכט האט געפלאָסען, האבען זיי אריינגעגאַסען ווי א זילבער־גראַ־הער שטראָם; און אינמיטען פלאַץ, אונבעוועגליך ווי א סטאַטוע, איז געשטאַנען באַק און געוואַרט. זיי איז בעפאַלען אן אימה, אזוי גרויס איז ער געווען און אזוי שטיל איז ער געשטאַנען. ס׳איז אריבער א קורצע פּאַוזע ביז דער שטאַרקסטער פון זיי האָט א שפּרונג געטהאַן גלייך צו איהם — צו בעפאַלען. ווי א בליץ האָט באַק א ביס געטהאַן — און איבערגעבראָכען זיין האַלז. און ער איז ווידער געשטאַנען, אונבעוועגליך ווי פריהער; דער בעזיעגטער וואָלף האט זיך געקייקעלט הינטער איהם אין גסיסה־שמערץ. דריי אנדערע האבען געפּרואווט, שנעל איינער נאַכ׳ן אנדערען, און איי־נער נאַכ׳ן צווייטען האָבען זיי זיך צוריקגעצויגען: בלוט האָט געפלאָסען פון זייערע אויפגעטרענטע העלזער און אקסלען.

די גאַנצע באַנדע האָט זיך א רוק געטהאַן פאָרווערטס, אין איין געדיכטער מאַסע; זיי האָבען זיך צונויפגעפּרעסט און איבערגע־מישט אין זייער גרויסען פערלאַנג בייצוקומען זייער שונא און איהם פערצוקען. באַק׳ס מערקווירדיגע ריהרעוודיגקייט און שנעלקייט האָט איהם פיעל געהאָלפען. ער האָט זיך געדרעהט אהין און אהער אויף די הינטערשטע פיס, געביסען און געהאַקט, און ער איז גע־ווען אומעטום אין דער זעלביגער צייט. ס׳איז אויסגעקומען, אז פאַר די וועלף שטעהט איין געשלאָסענער פראָנט, אזוי שנעל האָט ער זיך געדרעהט און בעפאַלען אויף רעכטס און אויף לינקס. כדי זיי זאָלען ניט פערגעהן הינטער איהם, האָט ער אָבגעטרעטען צו־ריק, פאַרביי דעם באַסיין, זיך אראָבגעלאָזט אין בעט פונ׳ם טייכעל און ארויף צו דעם הויכען ברעג, וואו עס איז געווען א וואַנד פון צוברעקעלטע שטיינער. די וואַנד האָבען די מענשען געמאַכט, גראָבענדיג דאָס גאָלד, און געווען איז זי אין דער פאָרם פון א „ר“. דאָ, אין דעם ווינקעל, איז באַק געווען בעשיצט פון דריי זייטען,

און ס'איז איהם מעהר ניט געבליבען ווי בענגענגען די אַנפּאַלער פון פּאַרענט.

און ער האָט דאָס געטהאָן אזוי געשיקט, אז איין אַ האַלבע־שטונדע ארום האָבען די וועלף מוטהלאָז אָבגעטרעטען צוריק. ביי אַלעמען האָבען די צונגען ארויסגעהאנגען און זיך געטרייסעלט, און די ווייסע צייהן האָבען אכזריות'דיג געבלישטשעט אין דער לבנה. אייניגע האָבען זיך אַנידערגעלעגט, מיט אויפגעהויבענע קעפּ און אַנגעשטעלטע אויערען; אַנדערע זיינען געשטאַנען אויף די פיס און איהם באַטראַכט; נאָך אַנדערע האָבען געטרונקען וואסער פונ'ם באַסיין. איין וואָלף, אַ לאַנגער און אַ דארער און אַ גראָהער, איז פּאַרזיכטיג צוגעגאַנגען צו איהם מיט אַ פריינדליכער מינע, און באַק האָט דערקענט דעם ווילדען ברודער, מיט וועלכען ער איז געלאָפען אַ נאַכט מיט אַ טאָג. יענער האָט ווייך געקאַוויוטשעט, און ווען באַק האָט געענטפערט, האָבען זיי זיך אַנגעריהרט אַ נאָז מיט אַ נאָז.

דאַן איז צוגעקומען אַן אַלטער,ביינערדיגער וואָלף, צוקיילט פון אַלערליי מלחמות. באַק האָט פערקאָטשעט די ליפּען, אַ וואָרטשע צו טהאָן, ער האָט זיך אָבער צונויפגעשמעקט מיט איהם. דער אַלטער וואָלף האָט זיך אַוועקגעזעצט, אויפגעהויבען די נאָז צו דער לבנה און פערצויגען אַ לאַנג וואָלפיש וואָיען. די איבע־ריגע האָבען זיך אויך אַוועקגעזעצט און גענומען וואָיען. איצט האָט די שטימע דערגרייכט באַק'ן אין אַזוינע קלאָרע טענער, אַז ער האָט ניט געקענט צווייפלען. ער אַליין האָט זיך אויך אַוועק־געזעצט און געוואָיעט. נאָכדעם איז ער ארויסגעקומען פון זיין ווינקעל, די באַנדע האָט זיך פערזאַמעלט ארום איהם, שמעקענ־דיג אויף אַ האַלב־פריינדליכען, האַלב־ווילדען שטייגער. די פיהר־רער האָבען געלאָזט הערען דעם קוויטש פון דער באַנדע און האָבען זיך גענומען שפּרינגען אין וואַלד אריין. די וועלף זיינען נאָכ־געלאָפען, קוויטשענדיג אין כאָר. און באַק איז געלאָפען מיט זיי, זייט ביי זייט לעבען זיין ווילדען ברודער, און לויפענדיג, געקוויטשעט.




„זומער־צייט קומט אין דעם טהאל איין באזוכער... דאס איז א גרויסער וואלף מיט א פראכטפאלען פעלץ".

און דערמיט ענדיגט זיך, אייגעטליך, די געשיכטע פון באק'ן. אין א פאר יאהר ארום האבען די איהעטען בעמערקט אן ענדע־רונג אין די וואלד־וועלף: אייניגע האבען געהאט ברוינע פלעקען אויפ'ן קאפ און אויף דער מארדע און ווייסען פאס אין דער מיט ברוסט. אבער נאך א גרעסערער וואונדער איז די געשיכטע, וואס די איהעטען דערצעהלען וועגען דעם כשוף־הונד. זיי האבען מורא פאר'ן כשוף־הונד, ווארום ער איז כיטרער פון זיי, ער גנב'עט ביי זיי פון לאנגער אינ'ם שטרענגסטען ווינטער, ער רויבט זייערע נעצען, טויט זייערע הינט און שפעט פון זייערע מוטהיגסטע יעגער.

די געשיכטע ווערט נאך ערגער. פאראן יעגער, וואס קומען שוין קיינמאל ניט צוריק אהיים, און פאראן יעגער, וואס זייערע קרובים געפינען זיי מיט אויפגעריסענע העלזער און ארום זיי וואלף־שפורען אין שניי, גרעסער ווי די שפורען פון יעדען וואלף. אין הערבסט, ווען די איהעטען פאלגען נאך די הערשען, איז דא א טהאל, וואו זיי האבען זיך מורא צו ווייזען. און ס'איז דא פרויען, וואס ווערען טרויעריג, ווען מ'הויבט אן דערצעהלען ביים פייער די געשיכטע, ווי אזוי דער בייזער גייסט האט אויסגעקליבען דעם טהאל פאר א וואוינונג.

זומער צייט קומט אין דעם טהאל איין בעזוכער, וואס די איהעטען ווייסען ניט פון איהם. דאס איז א גרויסער וואלף מיט א פראכטפאלער פעלץ, עהנליך און דאך ניט עהנליך צו אלע אי־בעריגע וועלף. ער אליין קומט אריבער פון דעם שמייכלענדיגען וואלד מיט די ריעזיגע בוימער און בעווייזט זיך דא, אין אן אפע־נעם פלאץ אין וואלד. א געלער שטראם פליסט דא פון איבער־געפוילטע זעק פון הערשען־פעל און פערזינקט אין דער ערד; לאנגע גראזען וואקסען דורך דעם שטראם, און פערפוילטע פלאנ־צונגען בעדעקען איהם און פערבארגען דאס געלע פון דער זון. דא זיצט דער וואלף א צייט און טראכט, דאן וואיעט ער איינמאל מיט אן אויסגעצויגענעם טרויעריגען וואיען און לאזט זיך ווייטער אין זיין וועג.

ער איז אָבער ניט שטענדיג אַליין. ווען די לאַנגע ווינטער־נעכט קומען אָן און די וועלף יאָגען זיך נאָך זייער פלייש אין די נידעריגערע טהאָלען, קען מען איהם זעהן, ווי ער לייפט אָן שפּיץ פון דער באַנדע. די לבנה גיסט איהר בלייכען שיין, אָדער דאָס צפון־ליכט ברענט אין הימעל, און ער שפּרינגט, — אַ ריעז אין פערגלייך מיט זיינע חברים, און זיין האַלז האַלט אין איין ברומען: ער זינגט דאָס געזאַנג פון דער יונגער וועלט, וואָס דאָס איז דאָס געזאַנג פון דער באַנדע.

ע נ ד ע.